[illegible]



# אָסטראָווצע

*

אַרויסגעגעבן פון
לאַנדסלייט פאַראיין פון אָסטראָווצע און אומגעגנט
אין אַרגענטינע

בוענאָס איירעס 1949

# אינהאַלט:

געהייליקט דעם אָנדענק די אומ־
געבראַכטע אידישע ישובים, דורך
די היטלערישע נאַצי־בעסטיעס, פון
אָסטראָווצע, אַפּט, אָזשאַראָוו, טשמי־
עלעוו, סלופּיע, וואָשניעוו, קינעוו און
אַנדערע.

# אונדזער דענקמאָל

## (אָנשטאָט א פאָרוואָרט)

פון זעכצן טויזנט קעפּיקן אידישן ישוב אין אָסטראָווצע און פון די פיל מאָל גרעסערע צאָל אידן אין די ארומיקע שטעט און שטעטלעך, פון וועלכע אָסטראָווצע האָט געשפּילט די ראָל ווי די „מעטראָפּאָלי", דער מיטל־פּונקט פונעם אידישן ישוב, איז געבליבן א קליינע צאָל אידן. דער „ארום" איז כמעט ווי אידן־ריין. אין אָסטראָווצע אליין זיינען געבליבן געציילטע אידן, קליינע גרופּן אָסטראָווצער אידן זיינען געבליבן אין לאָדזש, שטשעטשין, וואר־שע און אנדערע שטעט אין נידערשלעזיע, דאָס אלץ נאָך דעם אומ־פארגלייכלעכן שוידערלעכן הורבן וואָס דער נאציזם האָט געמאכט פונעם אידישן פאָלק בכלל און בפרט פון יענעם אלט־אידישן ישוב, וועלכער האָט אינעם פארמלחמהדיקן אידישן פוילן פארנומען א ביז גאָר חשובן אָרט.

די פארשידענע אויסנאמען וואָס אידן האָבן געליטן אונטער ן צאַרישער הערשאפט איבער פוילן און שפּעטער — פון דער אייגענער פוילישער רעאקציע, האָט א היפּשע טייל פון יענע אידן שטענדיק געטריבן צו פארבעסערן זיך זייער עקזיסטענץ און צו זוכן זייער רו אין מעבר־לים, אין די אמעריקעס און אין זייער אלט־נייער היים מדינת ישראל.

אונדזער טרויעריקער גורל האָט אזוי געמאכט, אז די אָסט־ראָווצער אידן, ווי די אידן פון אפּט, אזשאראָוו, טשמעלאָוו, קינעוו, דרילדזש, שענע און וואָשניוו, וועלכע געפינען זיך צעשפּרייט אי־בער דער גרויסער וועלט, זיינען פיל, פיל גרעסער ווי דאָס קליינע הייפל אידן וואָס זיינען געבליבן אין אונדזער געבורט־לאנד, פוילן.

בא אזא טרויעריקער לאגע פרעגט זיך וואו זאָל מען שטעלן דעם דענקמאָל פון יענע אומגעבראכטע הונדערטער טויזנטער

קדושים אונדזערע? דערווייל איז נאָך נישט געקומען צו דעם, אז מיר זאָלן אויפשטעלן א מאָנומענט פון גראַניט, וועלכער זאָל אויס־דריקן דעם צער און יסורים פון די אומגעבראכטע דורך דער מער־דערלעכער האנט און בא זייטיקער טיילווייזער גלייכגילט. א מאָ־נומענט אפן אָרט, וואו עס האָט הערלעך געלעבט, געשאפן, גע־ראנגלט זיך פאר עקזיסטענץ אָט די פיל־טויזנט קעפיקע אידישע מאסע, וועלכע דער ברוטאלער שונאה האָט פארטיליגט.

אזא דענקמאָל וואָלט געווען א סימבאָל פון די אומגעבראכטע אידישע קיבוצים. עס וואָלט געווען אַ שטייניקער זכר פון יענע אומגעבראכטע קדושים על קידוש השם; ער וואָלט אָבער ווייניק דערציילט פון זייער שפרודלדיקן און פארבנרייך לעבן און קאמפן וואָס זיי האָבן מיטגעמאַכט אויף אָט דער פוילישער ערד אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער און יאָרצענדליקער.

מיר האָבן דערפאר גענומען אין אכט, אז די הונדערטער אידן וואָס געפינען זיך צעשפרייט אין פארשידענע וועלט־טיילן און לענ־דער, זיינען דאָס **לעצטע דאָר אָסטראָווצער**. מיר ווייסן נישט וואָס עס וועט זיין אין הונדערט יאָר שפּעטער, אָבער נאָכן לעצטן דור אָסטראָווצער, אָדער נאָך אונדזער דור וועלן זיין **ארגענטינער אידן, בראזיליענער, אידן, נאָרד־אמעריקאנער אידן, קאנאדער אידן, ענג־לישע אידן** און אידן פון אונדזער אלט־ניי לאנד **ישראל** א.א.וו.

נעמענדיק אין אכט אָט־די דאָזיקע לאגע, האָבן מיר באשלאָסן אויפצוזוכן, אויפזאמלען די שטיקלעך און ברעקלעך פון אונדזער גלאָ־רייכער היסטאָריע אף יענעם פוילישן שטח, און דאָס פאראייביקן לדור־דורות. אויפזאמלען די שוידערלעכע געשעענישן פונעם לעצטן געראנגל און אומקום פון דער היים און געבורטלאנד פון אונדזערע לעצטע אידישע דורות. דאָס וועט זיין דער **פאפירענער דענקמאָל**, וואָס וועט דערציילן דער וועלט פון א פאָלק וואָס האָט געלעבט, געשאפן און געקעמפט פאראייגענער **און פוילנס** גרויסקייט און גע־וואָרן אומגעבראכט און פארטיליקט אפן גרויזאמסטן אופן.

זיינען מיר פעיק אָדער בארופן צו אזא היסטאָרישער ארבעט? אזא פראגע קען נישט און דארף נישט געשטעלט ווערן, ווייל ווען די עלטסטע פון א פאמיליע שטאַרבן, מוזן די קינדער אליין אין די מערסטע פאלן איבערנעמען זייער גורל, קעמפן פאר זייער עקזיס־טענץ און מאכן געדענקען זייערע פריערדיקע דורות. אף אונדז איז געפאלן דער חוב דאָס צו פארצייכענען. ווי נישט רייף עס זאָל זיין אונדזער קאפאציטעט פאר אזא פאראנטוואָרטלעכע אויפגאבע, ווייסן מיר אָבער, אז אויב מיר וועלן נישט דערציילן די קליינע פרטים, וואָס מיר זיינען בכח צו פארצייכענען, וועט אָדער קען אלץ פארלאָרן גיין אף אייביק, וואָס דאָס האָט אייגנטלעך באצוועקט דער היטלערישער באנדיטיזם. מיר קענען נישט זאָגן אז אונדזער

ארבעט איזא פולקאָמע, מען קען דאָס אבסאָלוט פון אונדז אויך ניט פארלאנגען, ווייל די וואָס האָבן אָנגעשריבן אָט־די געשיכטע, זיי־נען נישט קיין היסטאָריקער, אפילו נישט פון דער שרייבער פראָ־פעסיע, נאָר פשוטע פאָלקס־מענטשן, וועלכע זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין יענער אידישער סביבה פון אָסטראָווצע און די ארומיקע ישובים.

געדענק די קדושים ותהורים פון דיין שטאָט!

**די רעדאקציע**

## מ. פילצמאַכער

# אָסטראָווצע

אויף דרום פון ראדאָם און מזרח פון קיעלץ, אין דעם דרומדיקן געגנט פון דעם אזוי גערופענעם „קרוין־פוילן״, ווי די גאַליציאַנער פלעגן רופן יענעם טייל פוילישע טעריטאָריע, וואָס איז ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אונטער דער צארישער ממשלה, שפרייט זיך אויס באַרג־אַרויף אַ שטאָט, אַ פּראָדוקטיוו, אַן אינדוסטריעלע, אַ האַנדלס־שטאָט. מיט איין וואָרט — אַ שטאָט וואָס האָט געהאט אין זיך א סך לעבן און א גרויסן באטייט פארן לאנד פוילן און נישט ווייניק באקאנט אויף דער גרויסער וועלט.

אויף אידיש, פאָלקסטימלעך, איז די שטאָט באקאנט מיטן אידיש־לעכן נאָמען אָ ס ט ר אָ וו צ ע. דאָס איז דערפאר, ווייל די שטאָט אין איר אייגנטלעכן שטאָטישן טייל און שטאָטישן לעבן, איז געווען ביז דער לעצטער גרויסער קאטאסטראָפע, וואָס דייטשלאנד האָט גע־בראכט אויף אייראָפּע בכלל, אין דער ערשטער ריי — אויף פוילן און בפרט אויפן אידישן קיבוץ — אויפן גרעסטן גייסטיקן און ארבעטזא־מען קיבוץ פון אידישן פאָלק.

אָט די ש ט אָ ט אָ ס ט ר אָ וו צ ע איז געווען א א י ד י ש ע ש ט אָ ט. דערפאר איז זי די שטאָט אויף דער אידישער וועלט באַ־קאנט געווען מער אלס אָ ס ט ר אָ וו צ ע איידער „אָסטראָוויעץ״, ווי איר נאָמען איז אָפיציעל. (אפילו פּאָלאקן פלעגן זי רופן „אָסטראָווצא״).

קוקנדיק אויף דער שטאָט פון מערב צו מזרח, פון דער פאבריק־געגנט קלימקעוויטש, אָסטראָווקע אָדער פון דער באַן־סטאנציע, איז פארן אויג אַ העלפט פון דער שטאָט ווי מיט דער האנט צו דערלאנגען, ד. ה.

די העלפט, וואָס ציט באַרג־אַרויף. קוקנדיק אַזוי אין דער ריכטונג, דאַכט זיך אייך אויס, אַז הייזער זיינען איבער הייזער געבויט און אַ הויז קוקט איבער אַ הויז אַריבער. כמעט ביי דער גאַנצער הויך זעט איר רעכטס צו אויף אַ באַרג, וואָס איז מיט גרינס באַוואַקסן פון וועלכע ס׳קוקן אַרויס געלע זאַמד־פּלעקן, שטייט פּאַריסן מיט צוויי שפּיצן די שטאָטישע קירכע. די קירכע געפינט זיך ביים סאַמע עק, וואו עס הייבט זיך אָן די קאָמפּאַקטע אויסשליסלעך אידישע געגנט.

אידן אין מאַסן, וואוינען אויך העט ווייט אוועק אין די פאָרשטעט, אין די ווייניקער און אפילו מער באַפּעלקערטע פּוילישע געגנטן. אָבער אינטערעסאַנט איז, אָנצואווייזן, אַז גלייך נאָכן קירכע־פּלאַץ, נאָך אַ קליין געסעלע, וואָס איז זייער אַ לעבעדיקער פּונקט, האָט איר שוין דעם מאַרק, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַ לאַבירינט פון גאַסן און געסלעך, וואָס זיינען געווען ד ו ר כ ו י ס א י ד י ש ע.

לינקס, אויך אויף אַ באַרג, אַ באַרג אָן גראָז אויף וועלכן אידישע אָרימע קינדער פּלעגן אַרומלויפן, שפּילן זיך — אַרומגענומען מיט הייזער און הייזקעס פון דער אידישער פאָלקסטימלעכקייט און אָרימקייט — זעט זיך אַרויס אָן אַלטע הילצערנע געביידע, מיט איר האַלב־פאַרקיילעכדיקטן דאַך — די אידישע שול, וועלכע איז טיילוויז אַרומגענומען מיט דער מויער פון דער צוגעשטיקעוועטער ווייבערישער שול און אין וועמענס שכנות ס׳געפינען זיך די בתי־מדרשים: דאָס „אַלטע בית־מדרש”, וואָס איז שטענדיק: שבת, יום־טוב און אין דער וואָכן — פול געפּאַקט מיט מתפּללים, מיט „לערנער”, מיט גמרא־מלמדים, אין וועלכע אַלע אינעווייניקסטע ווענט זיינען ביזן באַלקן באַשטעלט מיט אָפענע פּאָליצעס מיט הייליקע ספרים און אויך אויף די לאַנגע, מאַסיווע, צעקאַרבטע טישן ליגן שטענדיק אויסגעלייגט ספרים, אַרום וועלכע ס׳זיצן מענטשן און גריבלען זיך און לערנען מיט אונטערזינגענדיקער התלהבות.

אַקעגן דעם „אַלטן בית־המדרש” געפינט זיך דאָס „נייע בית־המדרש”, וועלכעס איז אַביסל מער אויפגערוימט, ווייניקער טומל, רעדלאַטיוו ווייניקער ספרים. דאָרט דאַוונען און לערנען מער באַשיידענע פרומע מענטשן — די חסידישע אַריסטאָקראַטיע.

מיט עטלעכע טרעפּ אַראָפּ, אינעם זעלביקן פּעדער־הויז פון די בתי־מדרשים, געפינט זיך דאָס „קליינע בית־מדרשל”. דאָרט דאַוונען די האָרעפּאַשנע, יונגע און האַלב „מאָדערניזירטע” אידן. זיי דאַוונען השקמה,

שבתים און יום־טובים, כדי ס'זאָל זיי בלייבן גענוג צייט אויך פאַר זייער ביסל „וועלטלעכן לעבן"...

אין דעם „קליינעם בית־המדרשל" איז אין די וואָכן־טעג די „תלמוד תורה", וואו אַן אַלטפרענקישער מלמד גיט די ערשטע ידיעות פון דאַוונען און אביסל חומש פאַר אָרימע, באָרוועסע קינדערלעך. די קינדערלעך, וואָס זייערע עלטערן זיינען נישט אימשטאַנד צו צאָלן שכר־לימוד. נאָר דעם מלמדס בייהעלפער גייט אַרום יעדן פרייטיק מיט זיין „תלמוד־תורה־פושקע" צווישן די שטאָט־באַלעבאַטים, וועלכע העלפן דעקן די הוצאות פאַר דער „דערציאונג" און „בילדונג" פון דער היימישער אָרימקייט. די „בילדונג" באַקומען אָבער בלויז די מ ע נ ל ע כ ע קינדער, די וו יי ב ל ע כ ע האָבן דאָס אויך נישט. און באמת: דאַרפן דען צו־קונפטיקע דינסטן און אַרבעטערנס קענען כאָטש לייענען אַ אידיש וואָרט?... אָבער דאָס אַלץ איז געווען אמאָל, פאַר דער פוילישער זעלבסט־שטענדיקייט; פאַר דער אָבליגאַטאָרישקייט צו שיקן אַלע קינדער אין שול; פאַר דעם ווי אידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און פאָלקס־אינסטיטוציעס האָבן זיך גענומען זאָרגן פאַר דער מאָדערנער אידישער קולטור און דער־ציִען אין גייסט, אין ווין דעם אונטערוואַקסנדיקן אידישן דור.

אַרום דער פעריפעריע שפּרייט זיך אויס דאָס גאַנצע אידיש־פאָלקס־טימלעכע, דאָס ראַשיקע אידישע לעבן: אידישע קרעמלעך, באַלמעלאָכעס, אַרבעטער, חסידים־שטיבלעך פון פאַרשידענע רביים, מלמדים: „הויכע" און „דרדקי"; מתנגדים און געזעלשאַפטלעכע שטאָטישע קאָבלעפּל. מאָ־דערניזירטע און פּראָגרעסיווע יוגנט וואָס רייסט זיך צו קולטור און צו דער ווייטער, גרויסער וועלט. באַלעבאַטישע „שיינע־אידן" און אַ היפּשער ד ל ו ת אַרום. אַ שטאָט אַ קאָמפּאַקטע, אַ צוזאַמענגעדרענגטע. און דער מאַרק, דער צענטער פון דער אידישער שטאָט, וועלכער איז דורכגעשניטן אין דיאַגאָנאַל מיט שאָסיי, מיטביידלעך, וואו אידן פאַרקויפן גרינוואַרג, פּרוכט און פיש; מיט געשעטלן פון סטענגעס און פאַרשידענע פאַרפּור־צעכצן; וואו טאַנדעטערס פאַרקויפן אַלע מינים מלבושים, שיך און היט־לען; וואו ס'פעלן נישט אין סאַמע מיט פון אידישן האַנדל גויאישע געשעטלן מיט פאַרשידענע מינים חזיר־פלייש און ברויט. אַרום אידישע קלייטן פון אַלע מינים פון הורט און דעטאַל — מיט איין וואָרט: אַן אמתער מאַרק, אַ צע נ ט ע ר פ ו ן ה א נ ד ל. אין אָט דעם דאָזיקן האַנדלס־צענטער פלעגן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק קומען די פּויערים, פון ווייט אַרום, אָפּזעצן זייערע דאָרפישע פּראָדוקטן און זיך

איינקויפן, וואָס זיי האָבן געדאַרפט פאַר זייער היימישן געברויך. דער גוי האָט געלעבט פונעם אידן און דער איד פונעם גוי.

דאָס נישט צולאָזן די אידן צו דער גרויס־אינדוסטריע און צו לאַנד־אַרבעט, אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער, האָט די אידן געשטויסן צו די קלענערע צווייגן פון פּראָדוקציע און האַנדל, צו מלכה און האַנט־ווערקעריי, און צו ווערן קליינע פאַרמיטלער. די דאָזיקע מינים באַשעפ־טיקונגען, כאָטש זיי זיינען פאַראכטעט געוואָרן אַלס דריטראַנגיקע פאַר אונדזער עקזיסטענץ, האָבן אָבער מיט זיך פאָרגעשטעלט א טייל פון דער ווירטשאַפטלעכער סימפּאָניע פון דעם פּוילישן לאַנד.

דער ווייט־גרעסטער טייל פון דער האַנט־ווערקעריי אין פּוילן איז געוואָרן באַ־דינט דורך די אידן.

פּוילישע רעאַקציאָנערן, אַנטיסעמיטן האָבן יאָרן־לאַנג געשריגן, אַז עס זיינען דאָ צופיל אידן. און דער אמת איז, אַז מיט דעם וואָס דער רוב פונעם פּוילישן אידנטום איז געוואָרן אומגעבראַכט מיט דער אַקטיוועד מיטהילף פון דער היימישער פּוילישער רעאַקציע. פעלט איצט פּוילן א ריזיקער טייל פון איר ווירטשאַפטלעכן לעבן; און עס וועלן נאָך יאָרן אַוועק איידער מ'וועט באַוויזן די בלויזן אויסצופילן.

מיר האָבן געקענט אָסטראָווצע און אירע שטעטלעך און דערפער אויף מיילן־ווייט אַרום, (און דאָס זעלביקע קען געזאָגט ווערן וועגן גאַנץ פּוילן), איז די גאַנצע פּוילישע באַפעלקערונג, אָדער אַמווייניקסטנס 90 פּראָצענט אירע געוואָרן באַקליידט, באַשוכט און באַמעבלט פון אידי־שע באַלמעלאָכעס; און דער אָפּנעמער פון אַלע מינים לאַנד־פּראָדוקטן איז געווען דער עיקר — דער איד. ווי קען אויסזען היינט צו טאָג א יאַריד אין אָסטראָווצע אָן דעם אידישן האַנדל, אָן דער אידישער פּראָדוק־ציע, נאָכן צעשטערן דעם אידישן ישוב?

אידן מיט זייער רירעוודיקייט, מיט זייער אַרבעט און פלייס; מיט זייער גרויסן אימפּעט און אונטערנעמונגס־גייסט, האָבן א גאָר גרויסן חלק צוגעטראָגן אין דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט, ווי פון פּוילן בכלל. אָסטראָווצע איז געוואָרן אַ שטאָט, ווען אידן האָבן אויף יענעם שטח זיך באַזעצט און האָבן די משופּהדיקע ערד באַרג־אַרויף אין א בלי ענדיקער, רירעוודיקער שטאָט פאַרוואַנדלט.

אָסטראָווצע איז געווען ביז דער לעצטער מלחמה א זייער וויכטי־קער צענטער פון פּראָדוקציע, האַנדל און קאָמוניקאַציע, וואָס איר איי־

פלוס האָט זיך אויסגעשפּרייט ווייט אַרום. אין די דאָזיקע האנדלס־פּאַר־בינדונגען האָבן די אידן פארנומען א זייער אָנגעזען אָרט. עס זיינען גע־ווען גרויסע אידישע גבירים, די מערסטע האָבן געפירט א זייער איידעלעך לעבן. האָבן געגעבן צדקה. א היפּש גרעסערער קליינבירגערטום, וואָס האָט זיך פארנומען מיט קליינהאנדל און האנטווערקעריי; א גאָר גרויסע צאָל לוין־ארבעטער, וואָס אויף דער אידישער גאס זיינען דאָס געווען, אין דער ערשטער ריי, שניידער, סטאָלער, שוסטער, גארבער און פיל אנדערע פאכן.

דער מארק מיט אייניקע גאסן אַרום, ווי טילנע, זאטילנע, נאָווע, גוזשיסטע, סטאריקונאָווסקא (טיילווייז) שיענינסקא, מלינסקא און א היפּ־שער טייל אילזשעצקא, זיינען געווען באוואוינט דורכויס פון אידן. אָבער די טייל איז נישט אינגאנצן די שטאָט.

אינטערעסאנט וועט זיין כאפּן א בליק אויף דעם „בארג־אראָפּ” פון דער שטאָט, וואָס איר הויפּט־פּונקט, דער רירעוודיקסטער, הייבט זיך אָן אויף דער קאָשציעלנע גאס און פארנעמט זיך מיט דער אלייע 3טער מאַי ביז דער בריק, וואָס פירט אריבער דעם טייך. אויף דעם טייל איז געווען א היפּשער גאלאנטעריי האנדל און גרויסע קליידונגס־מאגאזינען. דאָרט זיינען געווען די קינאָס, וואָס האָבן גלייכצייטיק געדינט פאר טעאטערס פאר דער יוגנט, וואו ס'איז אָבער געווען וואָס אמאָל אלץ אומדער־טרעגלעכער ארורכצוגיין פאר אידן צוליבן אלץ וואקסנדיקן אנטיסע־מיטיזם.

צופוסנס פליסט דער „קאָמיעננע”־טייך מיט דער „בלאָניע צווישן „טייך” און „ליאַס”, וואו עס פלעגן זיך פאשען פערד בעת זייער רו. און ציגיינער פלעגן איינשטעלן זייערע בוידן, ווען זיי פלעגן זיך אָפּ־שטעלן אין דער שטאָט.

אינעם אומאָפּהענגיקן פּוילן, איז די „בלאָניע” פארוואנדלט געוואָרן אין א פּארק, ווערנדיק פארבונדן מיט בריקן מיט דער שכנותדיקער אלייע. אמאָל איז אויף דער צווייטער זייט „ליאַס” געווען בלויז פעלדער; דאן די באַן־סטאנציע, די אייזן־גיסעריי, די אלקאָהאָל־רעפינעריע און די צו־קער־פאבריק. אין פארלויף פון די דרייסיק יאָר, צייט דער ערשטער וועלטמלחמה, זיינען די דאָזיקע ליידיקע פעלדער פארבויט געוואָרן מיט הייזער און נייע גאסן. די שטאָט איז אזוי אַרום אריבערגעוואקסן העט ווייט נאָך דער פאבריק. אויך אויף דער צווייטער ריכטונג מיט דער קונע־

ווער (שיענקעוויטש), דרילדזשער, שענער און באלטעווער גאסן איז די שטאָט ווייט אוועק.

אויף וויפל עס איז באוואוסט, האָט די שטאָט געציילט פארן מלחמה אויסברוך 15 ביז 16 טויזנט אידישע איינוואוינער; די אלגעמיינע באַפעלקערונג, צוזאמען מיט די אידן, איז געווען געשאצט אין 49 טויזנט איינוואוינער.

איצט זיינען די גאסן, וואו אידן האָבן געוואוינט כמעט אינגאנצן צעשטערט. בלויז קופּעס ברוכשטיקער און סימנים פון געוועזענע גאסן, וועלכע זיינען פארוואקסן מיט גראָז. פון די אכט הונדערט אידן, וועלכע האָבן זיך געהאט צוריק באזעצט אין אָסטראָווצע, נאָך דער באפרייאונג פון דער שטאָט, דורך דער העלדישער רויטער ארמיי, זיינען איצט דאָרט געבליבן וואוינען ז ע ק ס אידן. ווייל אין שרעק נאָך דער קיעלצער שחיטה און דורך דער „יציאת־פּוילן" פּאָליטיק, זיינען די אידן פון דאָרט זיך צעלאָפן. פאר דער נישט שטאנדהאפטיקייט און דעם אומגלויבן אין דער ז י כ ע ר ק יי ט און שוץ פון די אידן אין פּוילן, קען אונדז דינען פאר אַ מוסטער, אז שוין עטלעכע יאָר דורכאנאנד וואוינען אין אָסטראָווצע אזא קליינע צאָל אידן (פריער 10, דערנאָך 6) דאָך פארלאָזן זיי נישט די שטאָט זיי זאָלן זיך באזעצן אויף מער קאָמפּאקטע ערטער צווישן אידן. דער וואונדער איז פילפאכיק גרעסער נעמענדיק אין אַכט זייער עלנט.

פארשטייט זיך, אז דאָס איז אלץ צו פארדאנקען דער זאָרגפעליקייט פאר א ל ע אירע איינוואוינער אין דער נייער באפרייטער (פון פריציש יאָך) דעמאָקראטישער פּוילן.

אומאָפּשאצבאר גרויס איז אונדזער חורבן, אונדזער פארלוסט. מיר האָבן באַצאָלט אַ ביז גאָר טייערן בלוטיקן פרייז פאַר פּוילנס באַפרייאונג, ווי פאר דער באפרייאונג פון די אייראָפּעישע פעלקער; אָבער דעם פארלוסט קענען מיר נישט מער פאריכטן. מען האָט אונדז אויסגעריסן דאָס טייערסטע, וואָס מיר האָבן פארמאָגט אין אונדזער פאָלקס־לעבן. פאר דעם האָבן מיר איין טרייסט: אז דאָס שלעכטס, דאָס רשעות, מיט וועלכן די רעאַקציאָנערע, שאָוויניסטישע, קאפּיטאליסטישע וועלט האָט אונדז אידן באשאָנקען, איז אין פּוילן אויף אייביק צעשטערט געוואָרן. און דאָרט ווערט געבויט פאר אונדז אידן, ווי פארן פּוילישן פאָלק בכלל א פריי, דעמאָקראטיש פּוילן.

יאָסקע אפּטער

# צו דער געשיכטע פון אָסטראָווצע

## אָסטראָווצע, עיר ואם בישראל, מיט אירע רבנים, לומדים, תלמידי חכמים און חסידישע פאָלקס-מענטשן

## (אַ ר יי נ פ י ר)

דאָס זיינען נישט קיין גרינטלעכע געפאָרשטע דאַטן, וועלכע איך ברענג דאָ, עס איז נישט קיין ארבעט פון אַ היסטאָריקער; דאָס זיינען נאָר געשיכטעס, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט פון מיין פריסטער יוגנט ביי פאַרשידענע אַלטע תושבים פון אונדזער הייליקער מארטירער־שטאָט, וואָס איז פארניכטעט געווארן אויף די קידוש־השם־פייערן מיט פאַרשי־דענע מיתות משונות, צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן אידן פון אייראָפּע, צווישן זיי — דריי מיליאָן פּוילישע אידן.

זאָל דער נאָמען אָ ס ט ר אָ וו צ ע געהייליקט ווערן מיט אירע אומגעבראַכטע אַכצן טויזנט אידישע נפשות! *)

ג ע ד ע נ ק, וו אָ ס ס׳ה אָ ט ד י ר ג ע ט ו ן ג ע ר־מ א נ י ע ד ע ר ע מ ל ק פ ו ן א ו נ ד ז ע ר צ יי ט!!!

קיין אָסטראָווצע זיינען אידן געקומען שוין פון די אַרומיקע שטעט־לעך ווי אַפּט, טאַרלע, דרילז, אזשאַראָוו און ליפּסק.

שוין אין יאָר תע״ד, ווערט אָסטראָווצע צוריק אויפגעבויט

*) אזא צאָל אָסטראָווצער אידן זיינען אומגעבראַכט געווארן אין נאָוועמבער 1942 בא דער „ווישידלעניע". דאָרט זיינען אויך אומגעבראַכט געוואָרן טויזנטער אידן פון די שטעטלעך אַרום און אַ גרויס צאָל פון נאָוואָראַדאָמסק און אַנדערע.

נאָך א שריפה, פון וועלכער נאָר דאָס אַלטע בית מדרש איז געבליבן גאַנץ, אַזוי איז פאַרצייכנט אין פּינקס און דאָס ביסל אידן, וואָס וואוי־נען דאָרט אין שטאָט נעמען זיך אָפּקויפן ביי כראָביע ווילאָפּאָלסקי דעם נידעריקן טייל פּלאַץ פאַר א מסוה און די אַלטע הילצערנע שול ווערט אויפגעבויט מיט דער הילף פון; איינעם א געוויסן ר׳ הארצקע, א איד וואָס רופט זיך ר׳ שמעון בן אהרן דאפּט, און דער שניצער ר׳ יחזקאל פון ראקאָוו (ראקעווי), דער שניצער, וואָס האָט געמאכט דעם ארון קודש.



**די מעטאַלורגישע פאבריק (זאַקלאַד) פון אָסטראָווצע און דער מאַרק מיט 50 יאָר צוריק**

מיט צוואנציק יאָר שפּעטער איז די שול נאָך אַלץ נישט פארענדיקט געוואָרן. צוליב אַן אַקצידענט פאַלט אראָפּ דער טאַפּעטן מאָלער און שטאַרבט. די שול איז אַזוי געבליבן. דער סופיט איז נישט געענדיקט גע־וואָרן. מען מאכט אויך דאָס בית־עולם.

לויט ווי אַלטע אידן האָבן דערציילט, איז נאָך אויפן וועג קיין באַל־

טיוו געווען א אידישער בית־עולם. און יעדן תשעה באב פלעגט אוורע־מעלע פישל פאלטיעלס מאכן דעם בארימטן שפאציר דאָרט און קלאָגן אויפן חורבן ירושלים. די מצבה פון ערשטן רב ר׳ נפתלי בן ר׳ הארצקע שטייט אויסגעדרייט פארקערט ווי אלע מצבות און יעדער, וואָס פלעגט אַראָפּגיין פונעם בית־עולם פלעגט צוגיין צו זיין מצבה, וועלכע האָט גע־האט די דאטע שנת תצ״ד.

אין יאָר 1926 האָט די אידישע געמינע זי אויפגעהויבן, ווייל זי איז ארייינגעוואקסן אין דער ערד. ביים אַריינגאנג אין בית־עולם זיינען געווען די דריי אוהלים פון אלטן שידלעווער רבי און פון ליפסקער רבי ר׳ ירחמיאל און פון אלטן רבי ר׳ גוטמאנס שווער ז״ל. זיין נאָמען גע־דענק איך נישט. אויך דער נייער אוהל פון גרויסן צדיק הדור, דעם אָס־טראָווצער אילוי הרב הקטן ר׳ מאיר יחיאל הלוי האלטשטאק.

אינעם אריינגאנג אין שול און אויך אויף דעם בית־עולם זיינען גע־ווען די שטראָף־קייטן פאר די גרויסע זינדיקע.

לויט דאטן האָט אויך געלערנט אין די יונגע יאָרן ר׳ ישראל פון קאָ־זשעניץ אין אלטן בית מדרש מיטן מגיד, דעם שפעטער באוואוסטן קאָזשעניצער מגיד. ער אליין דערציילט, אז ער האָט זיך געפלעגט פיי־ניקן אויף דעם שול־באַרג. ער האָט געקלעטערט אויף דעם בארג נאָך האלבער נאכט, וועלכער איז געווען אָנגעשאָטן מיט ציינדלעך פון קעמלעך, ווייל עס האָט געוואוינט אַ קעמלמאכער אין שכנות פון דער שול.

עס ווערט אויך דערמאָנט אין פּינקס, אז די שטאָט באלעבאטים האָבן געגעבן אַ שיינע סומע אויף פּדיון שבועים, ווען דער רב אלימלך פון ליזענסק איז אדורכגעגאנגען די שטאָט.

אָבער דער לעבנדיקסטער אָנהייב פון דער שטאָט הייבט זיך אָן נאָך דער גרויסער שרפה פון יאָר 1861, פון וועלכער די גאנצע שטאָט איז פארברענט געוואָרן, און עס זיינען אויך געווען מענטשלעכע קרבנות פון אַ אידישער חתונה, פון וועלכע עס איז נאָך געבליבן אַ טאָפּלטע מצבה פון א מאן מיט דער פרוי צוזאמען. עס איז אויך דאָ אַ קבר פון פיר גרויסע מצבהס און אכט קליינע מצבהס און אַ גרויסער מאָ־נומענט פון יענע הייליקע, וואָס זיינען פארברענט געוואָרן.

אין יענער צייט הייבט זיך שוין אָן דער פארקויף פון פלעצער פון כראביע וויעלאָפּאָלסקי צו אידן פון דער שטאָט, און אידן הייבן אָן בויען די שטאָט ארום דעם מארק און אויך ווייטער אראָפּצו צום קלויס־



אויבן: די אָסטראָווצער שול, װאו מ׳זעט אויך אַרויס דעם דאך פונעם „נייעם״ בית המדרש, די שול איז געבויט פון האָלץ אינעם 16טן יאָרהונדערט.
אונטן — די באָד

טער. עס הייבט זיך אויף אַן דאַס חסידישע, לומדישע און גבירישע לעבן פון דער שטאָט אָסטראָווצע. לויט ווי מיין באָבע רחל האָט מיר דער־ציילט, איז דער צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער געווען אין אָסטראָווצע און אים זיינען אנטקעגנגעגאַנגען מיט ברויט און זאַלץ די חשובע פּני העיר הרב הגאון ר׳ שמואל שמערל, מיטן שפּעטערדיקן נאָמען לויט זיין ספר, וואָס זיינע אייניקלעך האָבן געדרוקט — ר׳ יחיאל צוקער און ר׳ יחיאל מינץ.

די שטאָט הייבט אָן בויען איר לעבן אויפסניי. זי ווערט שוין אין יענער צייט גערעכנט פאַר א עיר ואם בישראל. מען ארבעט און מען האנדלט. עס הייבן זיך אָן די גרויסע יארידים: שניידערס, שוסטערס און רימערס ברענגען זייערע סחורות. דער האנדל בליט וואָס אמאָל גרעסער. די מאַנאָפּאָלן פון בראָנפן ווערן אָפּגעקויפט פון אידן. עס הייבט זיך אָן דער האנדל מיט גרויסע שטעט. דער מאָנאָפּאָל פון בראָנפן ווערט גע־האלטן פון דעם זעלבן ר׳ יחיאל מינץ און דערנאָך פון שמעון פעפער. עס הייבט זיך ארויס אין יענער צייט אַ איד אַ גביר, ליפּע. צו יענער צייט פאָרט ער שוין קיין ווארשע, לובלין, דאנציק. דעמאָלט לעבט זיך גאנץ גוט די אידן. מען מאכט גאָר גרויסע חתונות. די שטאָט וואקסט אויך אויפן געביט פון לומדים. מען לערנט בציבור אין בית מדרש. עס לערנען דאָרט אויך די גרויסע לומדים ר. לייבקע און ר׳ קנאה פון די מינצעס, אונדזער נישט לאנג פארשטאָרבענעם לאנדסמאנס, יחיאל פייערשטיינס אַן עלטער־זיידע.

אויך די משפחה וואָפּקעס און די אַרענדאַרן־משפחה, וועלכע מען האָט גערופן די פעניציקס, וואָס האָבן געהאט קאשע־מילן, זיינען געווען באַקאַנט אין גאנצן געגנט. אידן האָבן געארבעט, געהאנדלט, געלערנט תורה מיט חשק. די זעלבע וואָפּקע משפחה האָט זיך פארנומען מיט אייזן־האנדל און מיט מילשטיינער פאַר דעם גאנצן געגנט. עס הייבט זיך דאן אָן אַ צופלוס פון אידן פון די שטעט: טארלע, ליפּסק, ראכיוו, קוזמיר און קלימעטעוו.

אָסטראָווצע ווערט דעמאָלט פארעכנט פאַר א גרעסערע שטאָט. אין דער צייט הייבט זיך ארויס דער למדן ר׳ יאָסעלע, וועלכער גיט שפּעטער ארויס אַ ספר מיטן נאָמען ברכת יוסף. עס קומט צו די ראָזשאַני משפחה און שפּעטער ר׳ לאָזער אהרן גוטערמאַנס משפחה, און די ספּעציעלע פאמיליע פון שיך־האנדל מיטן צונאָמען „מאלקע״, ווי די פויערים פון די דערפער האָבן זיי גערופן ביז די לעצטע יאָרן. פון דער משפחה וואקסט

אַרוים דער מורה הוראה ר' יאָסל, אָדער ווי מען האָט אים גערופן דער לאָמער יוסף.

## דער בייטראַג פון די אידן פון אונדזוער געגנט צום אויפשטנד פון 1863

ווי עס האָט מיר דערציילט מיין זיידע, ר' איציק אפּטער, דער דאָרפס־שניידער פון טארלע, האָט געלעבט אין שטעטל ליפּסק א רב און רבי ר' ירחמיאל ליפּסקערס פּאָטער, וואָס האָט שוין אין די שפּע־טערדיקע יאָרן געוואוינט אין אָסטראָווצע. זיין נאָמען איז באקאנט אלס גוטער־איד און היילט קראנקע מיט פארשידענע רפואות. זיין נאָמען ווערט באַקאַנט אויך ביי די פּוילישע רעדלפירער און פּריצים און זיי בעטן ביי אים, אַז אידן זאָל שטיצן דעם אויפשטאַנד. מיין זיידע איז געוואָרן אַ חתן פאר א יתומה, וואָס האלט זיך אויף ביי דעם רבין אין שטוב און דער רבי געטרויט אים אָן צו זיין א שליח צו די פּריצים פון די דערפער ביי דער ווייסל, ווי טישיץ און אנדערע דערפער, דאָס הייסט אַ פארבינדונגס־אָפיציר. דער ליפּסקער רבי האָט געזאמלט געלט און מלבושים אין אָסטראָווצע. אויך די שניידער ארבעטן אוים מלבושים פאר די אויפשטענדלער אין אָזשאַריוו און טארלע - סאָליץ. דער אויפשטאנד צעפלאקערט זיך. עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שלאכט ביי די וועלדער אין יאָזעפאָוו, טישעץ און אָזשאראָוו. אידן פון אָסטראָווצע האָבן גע־האָלפן מיט עסן און קליידער.

די פּאָווסטאנצעס האָבן פארשפּילט. עס הייבט זיך אָן א גאנצע ריי רעפּרעסיעס פון דער מאכט אין די קליינע שטעטלעך, און עס הייבן אָן קומען גאנצע משפחות קיין אָסטראָווצע פון דעם ארום. אויך מסרים זיינען געווען אין אָזשאראָוו. האָבן געגומען די שניידער־געזעלן א מסור אין וואלד אריין און אים געהרגעט מיט דרענגער, ווי עס האָט מיר דערציילט מיין זיידע ר' איציק פון טארלע.

דאָ וויל איך פארצייכענען אַ געשאנק פון א פּוילישן כראביע, אַן אָפּשטאמלינג פון א פּוילישער קעניגלעכער פאמיליע. זי האָט געבראכט א פּרוחת צום ארון־קודש. ליידער געדענק איך נישט די דאטע, נאָר די צוויי בוכשטאבן אין פּויליש יאָ — פּ. ר.

־י מתּנה איז געווען באהאלטן די גאנצע צייט ביז פוילנס באפריי־אונג, האָט מען דאָס פּרוחת גענוצט פּסח און אין גרויסע יום־טובים אלס געשאנק פאר דעם צושטייער צו דעם ערשטן פוילישן אויפשטאנד פון 1863. אזוי לעבן אידן זיך אוים מיט די פוילישע שכנים אין דער בעסטער פריינטשאפט; אפילו די גלחים האָבן געהאט זייערע אידישע שניידערס. אידישע באלמעלאָכעס האָבן געהאָלפן בויען די קלויסטערס. אזוי האָט מען געלעבט רואיק ביז 1896. אין דעם יאָר הייבט זיך שוין אָן א געוויסע פּראָפּאגאנדע קעגן אידן פון א געוויסן גלח. דאָס לעבן איז שוין געוואָרן אביסל אומרואיק.

אין דער זעלבער צייט הייבט זיך אָן פּראָלעטאריזירן דאָס פוילישע דאָרף. מענטשן אַרבעטן ביי שטיינהאַקעריי. עס איז דער אָנהייב פון גע־פינען אייזן־ארץ. עס גייט שוין א באן און עס הייבט זיך אָן בויען די פאבריק פון אייזן און טשוועקעס, דער ערשטער בוכהאלטער פון דער פאבריק, נאָך אין קליינעם פארנעם, איז געווען פרענקעל. ליידער ווייס איך נישט פון וועלכער משפחה ער האָט געשטאמט. אידן האָבן געלעבט בשפע פון די ארבעטער. עס הייבט זיך אויך אָן דער הורט־האנדל מיט די קליינע שטעטלעך. אידן קומען קויפן קאָלאָניאל סחורה און שניט־סחורה. די באן, וועלכע קומט צוויי מאָל א טאָג, ברענגט סוחרים און פירט אַוועק סחורהס אין גרויסן פארנעם. די אידן אַרבעטן און האנדלען. מען בויט אליין גארבארניעס, ווי עלע אבישינס לעדערמאן און זיין זון ר' יודל לעדערמאן. מען גיט די קריסטלעכע שכנים ארבעט און מען לעבט זיך אוים גוט. אידן ווערן גבירים. עס פארשפרייטן זיך אויך די חסידים־קלויזן (שטיבלעך) ווי קאָצקער, גערער, לובלינער, אלעקאסנדרערער, סקערניעוויצער, אמשינאָווער, סאכעדניוועד, קאָלושינער, ליפּסקער, קוז־מירער און טריסקער. עס שאפן זיך אויך גרויסע מנינים ביי ר' לייבל סראלעם (פוקס) און פאַרשידענע חברות, ווי די חברה תהילים, וואָס איז באַשטאַנען פון בלויז באלמעלאָכעס, ווי קצבים, שניידער שוסטער, אא"וו. די עלטסטע חברהס ביי אונדז אין שטאָט זיינען געווען די חברה שניידער, חברה שוסטער, און אויך שפּעטער די חברה טרעגער, באלעגאָ־לעס און וואסערטרעגער. צוזאמען זייער אָן ענערגישער עלעמענט. זיי האָבן שפּעטער געשפּילט א ראָלע ביים אָפּהיטן די שטאָט פון כוליגאַ־נישע אָנפאלן, וועלכע הייבן זיך אָן מיטן אריינגאנג אין צוואנציקסטן יאָרהונדערט. עס הערט זיך שוין פון אנטיסעמיטישער פּראָפּאגאנדע אינספּירירט פון דער צארישער מאכט. די גלחים נוצן אוים דעם אנ־

טיסעמיטישן גייסט אָפּצוהאלטן די פּראָפּאאגנדע פון דעם שטייגנדיקן סאָציאַלן געדאַנק, וועלכער הייבט אָן אַריינדרינגען אין פּוילישן ארבעטס־פּאָלק צוליבן שווערן ארבעטס־טאָג. דער אַרבעטער הייבט אָן פּראָטעסטירן קעגן דעם צוועלף שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און די פּוילישע גלחים און די מאכט הייבן אָן פירן אַן אנטיסעמיטישע פּראָפּאגאנדע צווישן דעם נישט באַוואוסטזיניקן טייל פון ארבעטער־ און פּויערים־קלאס. אין די קלויסטערס ווערן שוין געהאלטן רעדעס קעגן דעם אידישן סאָציאַליזם, וואָס וויל נעבעך פארלייקענען די קריסטלעכע רעליגיע, און ווילן צונעמען פּוילן פאר זיך.

---

אין יאָר 1888 דאַרף אָסטראָווצע אויפנעמען א רב, אַ ראש בית־דין.

עס קומען פארשידענע רבנים. און דער גרעסטער קאַנדידאט אויף רב איז אין יענער צייט שוין דער גרויסער גאון הדור און פּערזענלעכקייט ר. גרשון העניך פון ראָזין, דער באַקאַנטער רבי אין חסידישער וועלט, וואָס האָט איינגעפירט דעם תחלת אין די ציצית פון די טלתים. ער איז אויך באקאנט געווען אלס פאָרשער פון דער אידישער רעליגיעזער געשיכטע, איבערהויפּט וועגן דעם לעבן פון די אידן אין טריפּאָלי און אויך אין רוים. ער האָט פארבראַכט אין אלטע מוזעאומס און ביבליאָטעקן, כדי צו קענען בעסער דאָס אידישע אלטערטימלעכע לעבן. עס זיינען אויך דאָ ווערסיעס, אז ער האָט געהאט אַ פּלאַן צו שאפן אַ מיל, צו מאָלן מעל און צוזאמען באקן ברויט. עס האָבן אים אָבער געפעלט די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן דאָס צו שאפן. ער איז אויך נישט געוואָרן קיין רב אין אונדזער שטאָט צוליב דעם, ווייל די שטאָט איז צופיל רוישיק פאר זיין פּאָרשערישער און לומדישער ארבעט.

---

אין יענער צייט קומט דער יונגער אילוי, דער סאבינער געבוירענער יונגערמאַן מיט סמיכת אויף רבנות פון סקיערניעוויצער רבין און גראָדזשיסקער רב ר׳ מאיר יחיאל הלוי, און אויך פון פארשידענע רבנים פון יענרע צייט און פון גרויסן לאָדזשער רב הרב מייזעלס און מען נעמט אים אויף פאר רב אין דער שטאָט אלס ראש בית־דין פון אָסטראָווצע.

זיינע ערשטע אויפטועון זיינען געווען מאכן שלום. עס טאָר נישט זיין קיין מחלוקות. ער באקומט גרוים צוטרוי פון אלע שיכטן פון פאָלק, צום מערסטן פון די אָרימע פאָלקס־מענטשן. ער אַליין איז געבוירן געוואָרן בא אַ פאָטער אַ בעקער, אַ גראָדזשיסקער חסיד, אַ פרומער און

אָרימער איד. מען דערציילט, אז ווען ער איז אלט געווען דרייצן יאָר, האָט ער זיך צוגעהערט צו אַ שווערן שאלות און תשובות פון רבנים. זיך שעמענדיק צו נעמען אָנטייל, האָט ער מיט קרייד אָנגעשריבן דעם ענטפער. דאָס האָט אים געמאכט פּאָפּולער אין דעם גאנצן געגנט.

די שטאָט האָט ער געפירט זייער גוט. ער איז געווען דער גרויסער בעל־פשרה אויף דעם געביט פון דין־תורות ביי געלט־זאכן. אָבער זיין גרעסטער אויפטו איז, וואָס ער האָט נישט דערלאָזט מען זאָל אָפּלאָזן שידוכים. ער שטעלט פּשוט איין זיין פּרעסטיזש און זעט, אז עס זאָל קומען צו שלום. נאָך מער אכט לייגט ער אויף די אָרימע מענטשן. אויך ווען עס איז נישט געווען קיין שלום־בית צווישן מאן און פרוי, האָט ער נישט געגעבן קיין גט. נאָר אין גאָר גרויסע אויסנאמס פאלן, אויב א גט האָבן געגעבן די דינים.

ער ווערט אויך זייער פּאָפּולער אלס רבי פון חסידות. גרויסע מאסן אידן הייבן אָן קומען פון כמעט גאנץ פּוילן. דעם גרעסטן איינפלוס האָט ער געהאט אויף ווארשע און לאָדזש. ער האָט געהאט צען טויזנט חסי־דים. ער הייבט אָן פּראווען אַ גרויסן הויף. די שטאָט אָסטראָווצע ווערט צו קליין אין די יום טובים צו אַריינעמען אזוי פיל מענטשן. עס קומען צו אים די גרעסטע רבנים און רביים פון פּוילן, גאליציע און ליטע, ווי דער גערער רבי און דער חפץ־חיים, דער מחבר פון משנה ברורה; דער אלעקסאנדערער רבי, דער ראדזימינער און דער סאנדזער, ראזוואדאָווער פון קירה (גאליציע). אויך אויפן געביט פון כלל־ישראל זאכן קומען צו אים אידישע רעליגיעזע פּערזענלעכקייטן, וועלכע זעען אין זיין גאונישן קאָפּ א גיכע לייזונג פאר רעליגיעזע און כלל־ישראל אינטערעסן.

זיינע תלמידים שפּילן שפּעטער א ראָלע אין אידישן לעבן אין אויסלאנד. יונה מייזילס, א געוויסער בלאנקמאן, ר' משה גלאוויטשאָ־ווערס א זון הייגט א ראש הישיבה אין ארץ־ישראל. טאָג טעגלעך איז פול דאָס בית־דין שטוב פון רבנים און לומדים. דעם רבינס הויף שטילט נישט ביז אין די שפּעטע נאכט־שעהען.

עס ווילן אויך אָנקומען צו אים, נאָך שמועסן, פירער פון דער השכלה־באוועגונג, אָבער ער וויל זיי נישט אויפנעמען. אן אויסנאם האָט ער געמאכט מיט הלל צייטלין. ער האָט גערעדט מיט אים הינטער פאר־שלאָסענע טירן מער ווי א שעה צייט. וועגן דעם שמועס ווייס איך נישט, אָבער מען ווייסט, אז ר' הלל צייטלין האָט געהאט א גרויסן יראת הכבוד פאר דער פּערזענלעכקייט פון אונדזער רב.

עס קומען די יאָרן 1903, 1904 און 1905. ער וויל, אַז די אידישע יוגנט זאָל זיך אָפּהאַלטן פון פּאָליטיק ביז איבער דער יאַפּאַנישער מלחמה. אָבער אַ סך בחורים וואָס זיינען געווען באַקאַנט ווי לערנער און אויך גבירישע זין פון חשובע בעלעבאַטים ווערן מיטגעריסן מיט די פּראָגרע־סיווע אידייען פון יענער צייט. די שטאָט, וואָס איז געווען אַ פּאַבריק־צענטער, באַקומט אַ שטורמישן כאַראַקטער. און דאָס מאַכט אויף דעם רב אַ גרויסן איינדרוק. אים דוכט זיך, אַז ער פאַרלירט דעם צוטרוי ביי די יונגע מענטשן, ער לאָזט הערן זיינע קול קוראס, אויפרופן מיט אָנ־ווייזונגען, אַז ער איז נאָר אויסן אָפּצוהיטן די שטאָט פון סקנות נפשות.

אָבער די צייט איז אַזוי שטורמיש, אַז אים געלינגט דאָס נישט און ער שווייגט.

אין יאָר 1904 קומט פאָר דער ערשטער פּרואוו פון דער כוליגאַני־שער, אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע פון די גלחים און די רוסישע רעאַק־ציע מיט דער פּאָליציי אָרגאַניזירן דאָס ביסל אונטערוועלט צוזאַמען מיט אַ גרויסן טייל אומוויסנדיקע פּאַבריק־אַרבעטער צו פּאָגראָמירן די אי־דישע שטאָט־טייל אונטער דער באַקאַנטער לאָזונג, אַז אידן זיינען קעגן די פּאָליאַקן און קעגן קריסטוסן און זיי נעמען צו דאָס גאַנצע פאַרמעגן ביי די אָרימע קריסטן וואָס אַרבעטן אַזוי שווער צו צוועלף שעה אַ טאָג. דאָס געדויערט צוויי טעג. איין איד איז געהרגעט געוואָרן, אָבער די שטילע אָרגאַניזירטע זעלבסט־שוץ, וואָס איז באַשטאַנען פון טרעגער און באַלעגאָלעס, פאַרטרייבן זיי ביים צוגאַנג צו דער אַלטער שול און אויך אין דער קינעווער גאַס ביים בראָעס, נישט ווייט פון אידישן בית־עולם.

אין 1912, אין דער צייט פון ביילעס־פּראָצעס, הייבט זיך אָן אַ שטאַרקע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּויערים און אַרבע־טער פון דער פּאַבריק דורך דער „ראָזוואַי”.

אין אַ פּרייטיק, איך געדענק נישט גענוי די דאַטע, האָט מען גע־מורמלט און זיך געשושקעט, אַז ווען די אַרבעטער וועלן אַהיימגיין פון דער אַרבעט, וועלן זיי פּאָגראָמירן די אידישע טייל שטאָט. דער רב האָט אונדז גערופן אויף אַ געהיימער באַראַטונג מיט די דאָזערס פון יענער צייט: ר' ברוך גרויסמאַן, משהל בייגעלמאַן און קעסטענבערג פון די שענקן אין מאַרק און עס ווערט באַשלאָסן, אַז קיין איד טאָר זיך נישט באַהאַלטן אין שטוב, נאָר יעדער איינער, אָנהויבנדיק פון 13 יאָר, מוז זיין ביי זיין טיר מיט אַן אייזן אָדער אַן אַנדער קאַלט געווער אין האַנט, כדי צו באַגעגענען די כוליגאַנעס מיט קלעפּ.

אין יענער צייט האָט שוין אָסטראָווצע געציילט ביי די פינף טויזנט אידן. דעב רבס איידעם, דעמאָלט שוין באַקאַנט אַלס גאָסטאַנינער רב, דעם כמעלניקער רבס אַ זון, שטעלט זיך אַליין אַוועק ביים רבס טויער מיט אַ שפּיציקע פּייל און זאָגט דעם פּסוק: „תמית נפשי עם פלישתים".

אַ מחנה פון אַרום פיר הונדערט אידן, אויסגעשטאַט מיט קאָלט געווער האָבן זיך אויסגעשטעלט ביי דער שול און ביים צוגאַנג צום מאַרק. מיט זיי האָבן אָנגעפירט די טייערע פּאָלקס־אידן: בערל טשאַטשקע, יאָסל באַלאָס און זכריה לאַמפּ. ווען דער המון האָט זיי דערזען, האָט ער זיך דערשראָקן און פאַרשעמטע האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן.

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער רב באַוויזן נאָך אַ גרויסע חכמה. ווען די דייטשיש־עסטרייכישע אַרמיי איז אָפּגע־טראָטן און עס האָט זיך באַוויזן די רוסישע אַרמיי, וועלכע איז, ווי באַ־וואוסט, אָנגעפירט געוואָרן פון שונא ישראל, האָט דער רב, הערנדיק וועגן די שחיטות אויף אידן אין סטאַשעוו, טאַרלע, יוזעפּאָוו, ראַדאָם און אַנדערע שטעטלעך פון אַרום, גערופן די גאַנצע שטאָט, אַז מען זאָל אַקעגנגיין דער רוסישער אַרמיי מיט ברויט און פּאַפּיראָסן און טיילן עס די קאָזאַקן און דראַגונער. אידישע פרויען און מיידלעך זיינען געשטאַנען אויף די גאַסן מיט פולע פאַרטוכער עסנוואַרג און עס געטיילט די רוסי־שע זעלנער. דאָס האָט געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק אויף דער מילי־טערישער מאַכט און אונדזער שטאָט האָט געלעבט די גאַנצע צייט אין די בעסטע באַציאונגען מיט דער אַרמיי. ווען מען האָט איינמאָל אַרעס־טירט אַ איד אַ מלמד מיטן נאָמען פּייוול ראָזענבערג און אים באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש און עס האָט אים געדראָעט טויט, האָט דער רב באַלד אינטערווענירט און מען האָט דעם איד באַפרייט.

אָבער פאַר די דייטשן האָט ער מורא געהאַט. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע און איז דאָרטן געווען באַהאַלטן די גאַנצע צייט ביז סוף מלחמה. ווען עס איז געקומען די פּוילישע מאַכט, איז ער צוריקגעקומען קיין אָסטראָווצע און די מאַכט האָט אים אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן צו־טרוי. ביי אַלע פאַלן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אידישע פראַגן, האָט מען זיך פריער באַראַטן מיטן רב. עס איז געווען אַ פאַל, ווען דער קיעלצער וואָיעוואָדע האָט דעם רב אָפּגעשטאַט אַ וויזיט. פון די קלענערע באַאַמטע איז דאָך אָפּגערעדט. אויך די קריסטלעכע סוחרים אין שטאָט, וועלכע האָבן געהאַנדלט מיט אידן, האָבן געוואָלט, אַז זייערע סכסוכים

זאָל אויסגלייכן דער רב און דער פּסק־דין איז אויסגעפירט געוואָרן פּינקטלעך פוןביידע צדדים.

עס איז געווען אַ פאַל, ווען די רוסישע אַרמיי האָט געהאַט אַן אויסרייד צו פּאַגראַמירן די שטאָט אָסטראָווצע. עס האָט אויסגעפעלט ברויט פאַר דער אַרמיי, ווייל די אידישע בעקערס האָבן זיך פאַרנומען מיט באַקן מצות אויף פּסח, און די רוסישע אַרמיי האָט געפאָדערט איר סכום ברויט, אויב נישט וועט זי אָננעמען שטרענגע מיטלען. דער רב האָט גערופן צו זיך ערב פּסח די בעקערס און זיי געהייסן באַקן צום ערשטן סדר ברויט פאַר דער אַרמיי און דערביי האָט ער געזאָגט: איידער איין אידיש נפש זאָל אומקומען, נעם איך אויף זיך אייער גרויסע זינד פון באַקן ברויט אין פּסח. זאָל גאָט און מענטשן מיך שטראָפן פאַר אַזאַ פאַרברעכן.

## נאָך דאַטן וועגן די פאָלקסטימלעכע אויפירונגען פונעם רב ר׳ מאיר־יחיאל הלוי

עס האָט געטראָפן אַ פאַל: אַ כלה פאַר דער חתונה וויל איבערגיין צום קריסטלעכן גלויבן צוליב אַ ליבע מיט אַ קריסטלעכן בחור. די על־טערן נעמען זי אַרויס פון קלויסטער. דער אידישער חתן וויל אָפּלאָזן דעם שידוך צוליב דעם פאַל. אַזוי ווי דער אָסטראָווצער רב פלעגט נישט דערלאָזן צו אָפּלאָזן שידוכים, רופט ער אַריין דעם חתן־בחור אַ וואויל־לערנער און זאָגט אים: „ווען די כלה זאָל זיין מער צנועהדיק, וואָס פאַר אַ כחמה וואָלסטו באַגאַנגען, ווען דו האָסט חתונה מיט איר? באַ־ווייז דו איצט דיין העכערע מדריגה פון אידישער מידה און לאָז זי נישט דערוווייטערן פון אידישן פאָלק״!

פון דער דאָזיקער פאַמיליע זיינען אַרויס קינדער רבנים און שריי־בער.

---

מעשה שהיה כך היה: ביי מיר אַליין איז געשען פאָלגנדיקער פאַקט: אַ דין־תורה צווישן מיר מיט אליהו בעקער.

דער „בונד״ האָט אָרגאַניזירט די אַרבעטער ביי די מצה־בעקערייען

אויף פסח. אליהו, נישט ווילנדיק אויספירן די פּראָפּעסיאָנעלע באַדינ־גונגען, האָט אַריינגענומען קריסטלעכע מיידלעך צו דער אַרבעט אלס שטרייקברעכער. דער פּראָפ. פאַריין האָט געשיקט מיך און א געוויסן „געלן וואָלף" אויף צו אינטערווענירן וועגן דעם ענין. דער בעקער־באַ־לעבאָס אליהו האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן און האָט באשפּריצט דאָס מעל מיט נאפט, און דערנאָך מיך גערופן צו א דיז־תורה. דער רב האָט אַרויסגעגעבן אַזאַ פּסק־דין: היות ווי די מצה־העלפערנס דארפן ביי דער אַרבעט פאַרדינען אויף פּסח און אויף נאָך פּסח, זיינען די מצות, וואָס זיינען געבאַקן געוואָרן דורך די קריסטלעכע שטרייקברעכער חמץ און מ'טאָר זיי נישט נוצן. אין דער זעלבער צייט מוז ער גלייך צוריק צונע־מען די אידישע העלפערנס און פאַרן געשאַדנטן מעל באַצאָלט דער רב פון זיין קעשענע. דערמיט איז דער דאָזיקער מאָדנער קאָנפליקט געוואָרן דערליידיקט.

---

א דין־תורה צווישן דער רביצן מיט איר א לאָקאַטאָר (שכן) יעקל שניידער (מילמאַן). ווייל ער צאָלט נישט קיין דירה־געלט (א גרויסער אָרימאַן!). אלס ערשט פאַרלאַנגט די רביצן, אז די דין־תורה זאָל נישט פאָרקומען ביים רב נאָר ביי די דינים.

און אַז עס קומט צו דער דין־תורה, זאָגט דער רב: „איך וויל ריידן פאַר יעקל שניידער", און יעקל שניידער זאָגט: „איך פאַרלאָז זיך אויפן רב".

טענהט דער רב צו דער רביצן אַזוי: „די הייזער האָב איך נישט אַליין אויפגעשטעלט פאַר מיין געלט. נאָר חסידים האָבן זיי מיר גע־שאָנקען. וויל איך נישט פון קיין געשאָנקענע זאַכן, אז א איד אַן אָרי־מאַן מיט קליינע קינדער זאָל מוזן מיר צאָלן דירה־געלט.

## א טשיקאַווער פאַל מיט יאַנקל לאַמפּ

יאַנקל לאַמפּ ווארפט מען אַרויס פון דער דירה און ער כאַפּט זיך אַריין אין דער ווייבערשער שול פון רבס ביתהמדרש. און צוליב די נישט צו שטאַרקע צניעותדיקע אויפפירונגען פון יאנקל לאַמפּס שטוב, פּראָ־טעסטירן די חסידים און מ'וויל אים אַרויסוואַרפן דורכן געזעץ.

יאנקל לאמפ קומט צום רב מיט דער טענה: רבי, איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב עטלעכע טעכטער חתונה צו מאַכן און מ׳וויל מיך שעכטן אָן אַ מעסער און אַרויסוואַרפן פון דער ווייבערשער שול.

זאָגט דער רבי, אַז ער גיט אים אַ צווייטע וואוינונג פונעם זעלבן הויף, וועלכן דער סטרוזש פאַרנעמט. דאָס האָט יאַנקל נישט געוואָלט, ווייל עס איז פאַר אים געווען „צו קליין".

פרעגט אים דער רב: „וואָס פאַרלאַנגסטו? דאָ וואוינען קענסטו נישט, ווייל דאָס איז אַ בתי־תפילה".

ענטפערט יאַנקל לאַמפ, אַז ער וויל 400 דאָלער אויף צו דינגען אַ דירה.

ביי אַ באַראַטונג מיט די חסידים דערקלערט דער רב, אַז אַרויס־וואַרפן איז קעגן אידישער מידת־יושר, נאָר דער רב באַשטימט, אַז די חסידים זאָלן באַצאָלן 300 דאָלער. און דערנאָך האָט זיך יאַנקל סטרוזש אַריינגעצויגן אין דער שטוב פון רבס סטרוזש.



יחזקאל וויינבערגער

# אַ שבח דעם אַלטן אָסטראָווצער צדיק ז״ל

**ווען** דעם אַלטן אָסטראָווצער צדיק ר׳ מאיר־יחיאל הלוי זכרונו לברכה, דעם אמתן ל״וניק זיינען שוין אין אַלע טיילן וועלט, איבעראַל וואו עס פּולסירט נאָר אַ אידיש לעבן, געשריבן אָדער דערציילט געוואָרן געגנוג מעשים טובים און עס איז גאַנץ לאָגיש, אַז מיט זיינע ערלעכע און איבערטראַכטע קלוגע טאַטן האָט ער אַרויסגערופן צו זיך דרך־ארץ פון אַלע שיכטן פון דער אידישער און אויך טיילווייז פון דער גוייִשער וועלט.

איך וויל אויך אַז ביים פאַרהייליקן אונדזערע קדושים אָסטראָווצער אידן זאָל אויך דער וויכטיקער פאַקט נישט פעלן.

כדאי פריער צו באַמערקן, אַז אָסטראָווצע די שטאָט, וועלכע האָט געציילט קרוב צען טויזנט פאַמיליעס אידן, אידן וועלכע זיינען מערסטנס געווען באַשעפטיקט ביי אַלע צווייגן אַרבעט, זיינען אויך אַ טייל פון זיי געווען פאַרנומען מיט האַנדל. אין דעם גרויסן מאַרק, אַ חוץ דער אַפּטייק, זיינען אַלע געשעפטן געווען אידישע, און אויב שבת זיינען אַלע אידישע געשעפטן געווען הערמעטיש פאַרמאַכט, איז דאָס זיכער דער פאַרדינסט פון דעם אָסטראָווצער צדיק ז״ל.

דער אָסטראָווצער רבי פלעגט אַמאָל, אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע חשובע באַלעבאַטים, גייען נאָך מעות חיטין. פאַרבייגייענדיק דער אַלמנהס געוועלב אויף דער הויכער צאַל, די אַלמנה, וועלכע איז געווען אַן אָפּטע יוצא ונכנס אין זיין שטוב, ווייל זי פלעגט שטענדיק

זיך קומען שואל עצה זיין אָדער דערלאַנגען א קוויטל און בעטן זיין ברכה, אַז זי זאָל מצליח זיין אין דער אונטערנעמונג, וועלכע זי גייט מאכן — פלעגט דער רבי אויסמיידן דער אלמנהס געוועלב, ווייל ער האָט געוואוסט אַז די אלמנה איז נישט קיין איבעריק פאַרמעגלעכע, כאָטש זי האָט געפירט אַ שיין לעבן, געגעבן אַ סך צדקה און ער האָט נישט געוואָלט פאָדערן ביי איר קיין געלט כאָטש אפילו צו אַזאַ נאָבעלן צוועק. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז כדי צו דערגרייכן זיין ציל, אָדער בעסער געזאָגט זיין סכום, וועט ער בעסער באַזוכן נאָך אַ גביר און נישט גיין צו קיין מענטשן, וועלכע קענען אפשר נישט געבן.

די אלמנה ווידער פון איר זייט, זעענדיק אַז דער צדיק גייט פאַרביי און איר געשעפט ווערט דורך אים נישט באַזוכט, האָט גענומען איר יונגסטן זון אַריינגעשטופּט אין האַנט אַ סומע און אויף גיך געהייסן נאָכלויפן דעם רבין און אים געבן איר ביישטייערונג.

דער אָסטראָווצער צדיק האָט שוין די פרייוויליקע ביישטייערונג יאָ צוגענומען און איר געשיקט אַ האַרציקן ישר כוח — און אַ טייערע ברכה.

ריאָ דע זשאַנעיראָ.



פאַרוואַלטונג פונעם אָסטראָווצער פאַריין אין ריאָ דע זשאַנעיראָ פון יאָר 1948

ח. פליישמאַן

# אָסטראָווצע אין יאָר 1900

אין דעם יאָר 1900, ווען מיין פאָטער, עלי יעקב פליישמאַן, איז דערוויילט געוואָרן אַלס ראש הקהל, איז די שול געווען כמעט אָן אַ דאַך. דאָס בית־הקברות אָן אַ פּאַרקן. קיין געלט איז אויך נישט געווען אין דער קהלישער קאַסע, ווייל ביז דעם יאָר 1900 איז שטענדיק געווען ראשי קהל פון די אויבערשטע פון שטויסל: חסידים, גבירים, יחסנים. די שול האָט זיי זייער ווייניק געאַרט, וואָס עס רעגנט אריין, זיי זיינען דאָך קיינמאָל נישט געקומען אין שול אריין דאַווענען, ווייל זיי האָבן געהאַט חסידים־שטיבלעך: גערער, סקערניעוויצער, אַלעקסאַנדערער, לובלינער און קאַלושינער אא״וו. און דעם אַרבעטער־קלאַס האָט עס זייער ווייניק אינטערעסירט.

מען דערציילט, אז אין יענע יאָרן איז געווען איינגעפירט, אַז די רעקרוטן, וואָס זיינען צוגענומען געוואָרן אין חודש חשון, פלעגן באַקו־מען אַ פּעלצל, אַ באַשליק און הענטשקעס. האָט איינער אַ ראש הקהל פון די חסידים, דאָס ערשטע יאָר וואָס ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אויף דעם אַמט, געקויפט פאַר די רעקרוטן די אַלע נייטיקע זאַכן, אָבער ווען דאָס צווייטע יאָר איז געקומען, האָט ער שוין גאָרנישט געקויפט פאַר די רעקרוטן. האָבן זיי אים געפרעגט: יושר? פאַרוואָס האָבן די רעקרוטן פון פאַרגאַנגענעם יאָר באַקומען די אַלע זאַכן און מיר באַקומען גאָר־נישט?

זיין ענטפער איז געווען אַזאַ: דעם פאַרגאַנגענעם יאָר האָבן איך זיי ווירקלעך אַליץ געקויפט פאַר קהלס געלט, אָבער איך האָב אויסגעפונען, אַז

קהלם געלט איז מיין געלט, טאָ ווי קענט איר פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל אוועקגעבן מיין אייגן געלט?

אין אַזאַ צושטאַנד איז געווען די קהלישע קאַסע און פירעכץ. און אַזוי ווי אין יענע יאָרן האָט זיך אָנגעפאַנגען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, האָט עמך, דער פּראָסטער עולם, די שניידערס, שוסטערס, סטאָליארעס, קצבים זיך אָרגאַניזירט און באַשלאָסן: געגוג מיט ר׳ חיים



ר׳ עלע־יאנקל פליישמאן — ערשטער פּאָלקס דאָזאָר פון דער אידישער קהילה אין אָסט־ראָווצע אין יאָר 1900

שמואלם, מיט ר׳ הערצעלע מיוחות אַלס אונדזער פאַרשטייער. מירן אויסקלייבן אַן אייגענעם מענטשן, אַ „נאַש בראַט״. און אין דעם יאָר איז מיין פּאָטער עלי יעקב געוואָרן ראש הקהל. ער האָט באַלד געוואָלט מאַכן אַ דאַך צו דער שיל און אַ פּאַרקן צום בית הקברות. אָבער אַזוי ווי מיין פאָטער האָט איבערגענומען דעם אַמט און געפונען אַ ליידיקע קאַסע, איז אויסגעקומען צו וואַרטן ביז ווער פון די רייכע וועט שטאַרבן און דערמאָלט קריגן די נייטיקע סומע. אין דעם זעלבן יאָר איז קראַנק געוואָרן חנה אבראמאָלעס, אַ רייכע פרוי. זי האָט נישט געהאַט קיין קינדער.

דאָ האָט קהל גערעכנט אריינקריגן דאָס געלט. פּסח ביים אָפּריכטן דעם סדר, קלאַפּט מען אין פענצטער. מיר האָבן זיך דערשראָקן און מיין פאָטער פרעגט: ווער איז דאָס? אין דעם ענטפער האָבן מיר דערקענט די שטימע פון אברהמלע ראַטשימאָרע. ער האָט אָנגעזאָגט די בשורה, אַז חנה אַבראַמאַלעס איז געשטאָרבן.

צומאָרגנס איז אַרויפגעקומען יאָסל זעליקס. אַזוי ווי ער איז געווען משפּחה מיט חנה אַבראַמאַלעס, האָט ער געפאָדערט פון פיין פאָטער אַ דערלויבעניש צו באַערדיקן די פאַרשטאָרבענע.

דער ענטפער איז געווען, אַז עס וועט קאָסטן פיר טויזנט רובל, ווייל חנה לאָזט נישט איבער קיין קינדער, אָבער זי לאָזט איבער אַ גרויס פאַרמעגן, איז נישט מער ווי רעכט, אַז מען זאָל פאַר דעם געלט מאַכן אַ דאַך צו דער שול און אַ פּאַרקן צום בית־הקברות. יאָסלס ענטפער איז געווען, אַז ער איז וויליק צו געבן 500 רובל אָבער פיר טויזנט איז אוממעגלעך, און אויב ער וועט נישט קריגן קיין דערלויבעניש פון מיין פאָטער, וועט ער זיך ווענדן צום נאַטשאַלניק פון קרייז און מאַכן אַן אָנקלאַגע, אַז דער ראש הקהל וויל פיר טויזנט רובל פאַר אַ דערלויבעניש צו באַערדיקן אַ פאַרשטאָרבענע פרוי. דאָס האָט געשמעקט מיט מסירה און טורמע.

ער האָט גלייך טעלעגראַפירט קיין אַפּט און לאַפּינאָוו איז באַלד געקומען קיין אָסטראָווצע, און פון מאַגיסטראַט האָט ער געשיקט רופן מיין פאָטער.

אַריינקומענדיק אין מאַגיסטראַט איז דער נאַטשאַלניק אַרויס מיט אַ געבייזער אויף דעם רוסישן שטייגער און געפרעגט: מיט וואָס פאַר אַ רעכט מיין פאָטער פאָדערט פיר טויזנט רובל? ווען לויט דעם געזעץ איז דער פּרייז צען רובל ערשטע קלאַס, פינף רובל צווייטע קלאַס און 2,50 דריטע קלאַס.

מיין פאָטערס ענטפער איז געווען אַזאַ: איך פאַרלאַנג נישט מער ווי די צען רובל פאַר דעם קבר, אָבער מיר אידן האָבן אַ געזעץ, איידער מען באַערדיקט דעם מת, מוז מען אים אַרומוואַשן און צוגרייטן צו דער קבורה. פאַר דער אַרבעט איז דאָ אַ חברה קדישא" און פאַר דער אַרבעט פאַרלאַנגען זיי פיר טויזנט רובל.

דער נאַטשאַלניק הערנדיק די געשיכטע האָט ער באַפוילן צו ברענגען אין מאַגיסטראַט דעם ראש פון דער חברה קדישא. מען איז גלייך געלאָפן און גערופן עלע שאכער. ווען דער נאַטשאַלניק האָט געזען די

פיגור פון עלען: אַ איד, הויך ווי אַ דראָנג איין אויג האָט געקוקט צו מזרח און דאָס צווייטע צו מערב, די הלבשה ווי טוביה דער מילכיקער, מיט אַ גרויסן שטעקן אין איין האַנט און אַ טאַבאַק־פּושקע אין דער צווייטער האַנט. אַ גרויסע פּאַטשיילע האָט אַרויסגעהאָנגען פון דער קעשענע פון דער געהאַקטער קאַפּאָטע, וואָס האָט געהאַט קאָלירן ווי פון אַ רעגנבויגן, האָט ער אָנגעהויבן לאַכן און געזאָגט צו מיין פּאָטער: פאַר פיר טויזנט רובל וועל איך דיר ברענגען דעם גרעסטן מעדיצין פּראָפעסאָר פון פּאַריז אָדער בערלין, און דער איד וויל פאַר אַזאַ נישטיקער אַרבעט אַזאַ גרויסע סו־מע? ער האָט געפרעגט ביי עלע שאַכער, ער זאָל עס אים דערקלערן וואָס פאַר אַן אַרטיסטישע אָפּעראַציע ער דאַרף מאַכן עס זאָל דאַרפן קאָסטן אַזאַ גרויסע סומע?

עלעס ענטפער איז געווען, אַז ער זעלבסט האָט מיט דער דאָזיקער אַרבעט גאָרנישט צו טון,ווייל ווען אַ פרוי שטאַרבט האָט די חברה קדישא אַ פרויען אָרגאַניזאַציע, וואָס באַשטייט פון אַכט פרויען און זיי טוען די אַרבעט. זיי זיינען עס די יעניקע, וואָס פאַרלאַנגען די סומע.

דער נאַטשאַלניק האָט גלייך געשיקט נאָך די פרויען. ווען די גאַ־בעטעס, ווי די לאַנגע שרה די טיקערן, די שוואַרצע פייגע, די לאָמע רבקה, די בלינדע רויזע און די טויבע איטע אא"וו האָבן אַריינמאַרשירט אין מאַגיסטראַט אריין, האָט דער נאַטשאַלניק געפרעגט מיין פּאָטער מיט אַ געבייזער: ווי וואַגסטו צו מאַכן שפּאַס פון מיר? איך קען עס נישט גלויבן, אַז די אָרימע פרויען, זאָלן האָבן אַ השגה צו פאַרלאַנגען פיר טויזנט רובל. און ער האָט געפרעגט ביי די גאַבעטעס, אַז זיי זאָלן אים זאָגן צי דאָס איז ריכטיק?

איינע פון די פרויען האָט אויף אַ צעבראָכענעם פּויליש געענט־פערט: אונדזער אַרבעט באַשטייט פון רייניקן און וואַשן דעם מת און אויפנייען די תכריכים. ניינציק פּראָצענט טוען מיר די אַרבעט בחינם. מיר באַקומען נאָר דעמאָלט באַצאָלט, ווען עס פּאַסירט, אַז עס שטאַרבט אַ רייכע פרוי און לאָזט נישט איבער קיין קינדער, דעמאָלט ווילן מיר האָבן באַצאָלט פאַר אונדזער אַרבעט.

די ענדע פון דער געשיכטע איז געווען, אז דער נאטשאַלניק האָט געזאָגט צו יאָסל זעליקס: באַגראָבט אייער קוזינע זעלבסט, אָן די אידי־שע צערעמאָניעס און עס וועט דיר גאָרנישט קאָסטן. און ווען איר ווילט האָבן די אַלע אידישע צערעמאָניעס, קען איך די פרויען נישט צווינגען זיי זאָלן טון די אַרבעט אומזיסט.

זיי האָבן באַצאָלט די סומע און ווי מיר אַלע געדענקען, האָט מען געמאַכט א בלעכענעם דאַך צו דער שול און א פּאַרקן צום בית הקברות.

* * *

מאַקס גראָסמאַן

# זכרונות פון אָסטראָווצע

מיין קינדהייט־נעסט איז געווען דאָס קליין שטעטעלע ליפסק, נעבן אָסטראָווצע, וואו איך האָב מיין יוגנט פארבראכט; אָבער מיינע חלומות און שטרעבונגען זיינען געוועבט געוואָרן אין אָסטראָווצע. ווייל לגבי מיין שטעטעלע האָב איך זיך פאָרגעשטעלט אָסטראָווצע אַלס א גרויסע שטאָט. און אויך צוליב וואָס א גרויסע טייל פון מיין משפחה האָט זיך דאָרטן געפונען.

מיין פאָטער, ווי א חסיד פונעם אָסטראָווצער רב, וואָס האָט נישט פארפעלט צו פאָרן פאר די ימים נוראים יום־טובים צום רבין, האָט מיך אויך מיטגענומען צום רבין, ווייל ער האָט געוואָלט, אז איך זאָל אין זיך איינזאפּן די מידות און דאָס חסידישע לעבן, און זיין אונטער דער השפעה פונעם רבין; כ׳זאָל ווערן א גרויסער לערנער. מיין אינגלשע פרייד איז דעמאָלט געווען זייער גרויס.

פון די אָפטע באזוכן ביים רבין אין אָסטראָווצע, האָט זיך די שטאָט ביי מיר איינגעקריצט אין מיין זכרון, און באזונדערס איצט, ווען פון דער גרויסער אידישער שטאָט איז געבליבן חורבות און בלויז איינצלנע אידן וואנדרען ארום ווי שאָטנס, און די נשמות פון די קדושים־מארטי־רער שוועבן ארום אין דעם רוים פון שטאָט, רופט ארויס ביי מיר א בענקעניש און דערינערונגען וועגן אָסטראָווצע, וואָס איך געדענק מיט פערציק יאָר צוריק.

---

אָסטראָווצע, א שטאָט ווי אַלע אנדערע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, נאָר מיט א גרעסערן פארנעם. א גרויסער מארק פאר די צוויי

יאַרידים, וואָס האָבן אַרומגענומען דעם מאַרק מיט קליינע און גרויסע הייזער; קראָמען קליינע און גרויסע. איינציקע הייזער האָבן גע־האַט הויפן מיט שווערע טויערן. אין די הויפן זיינען געווען מאַגאַזינען־סקלאַדן פאַר סחורה.

פון די זייטן פונעם מאַרק האָבן זיך אויסגעטיילט גאַסן און געס־



**דעלעגאַציע פון ניו יאָרקער „אָסטראָווצער רעליעף־קאָמיטעט" ביים איבערגעבן אַ סאַניטאַר־אַמבולאַנס פאַר מדינת ישראל אינעם נאָמען פון די אָסטראָווצער הילפס־קאָמיטעטן אין די אַמעריקעס 1948**

לעך ווי די שוואַמע גאַס, די שול־גאַס, דאָס טומאה געסל, וואָס האָבן גע־פירט צו וועגן מיט זייער כאַראַקטעריסטישע נעמען: ווי אָפּטער וועג, קיניוועך וועג, דער סטאַוו וועג, וואָס האָט געפירט צו דער ראַמפּע און באַן־סטאַנציע.

אין קאָנטראַסט צו די גרויסע הייזער פונעם מאַרק און סטאַוו, וואו

עס האָבן געוואוינט די באַלעבאַטים, די נגידים, אין די ברחבהדיקע דירות, האָט מען אין אָרומיקע געסלעך, וואו די אַרבעטערשאַפט און אָרימע האָבן געוואוינט געזען איינגעבויגענע הייזלעך. ווען די זון האָט נישט געשיינט, איז אין זיי געווען פינצטערלעך, א סך מאָל, אפילו ביי טאָג, האָבן דאָרטן געברענט נאַפט-לעמפּלעך, וואָס האָבן געלויכטן מיט א טונקעלער אומהיימלעך רויטלעכן שיין.

אין די אָרימע דירות האָט מען געקענט זען: דאָ איז א קאַמאַשנמאַכער ווי ער שניידט און שטעפּט כאָלעוועס; דאָ א נייטאָרן זיצט איינגעבויגן ביי דער ניי-מאַשין און נייט ציכן, העמדער. דאָ זיינען די שוסטערס זיצנדיק אויף זייערע דרייפיסיקע בענקעלעך, קלאַפּן טשוועקעס, ציען דראַטוועס, לעקן די פּאָדעשוועס, פּאַרלאַטען אַלטע שיך. שניידערס זיצן אויף די טישן פאַרלייגט די פיס אונטער זיך און ציען פאַסטריגעס. זיי ניצעווען איבער אַלטע כאַלאַטלעך, אָנצוגן, פּאַלטענעס. און כדי צו פאַרטרייבן זייער אומעטיק און אָרים לעבן האָט זיך געהערט א זינגען, דאָס האָבן זיי צוגעברומט בשעת זיי האָבן געאַרבעט מיט ימים-נוראימדיקע ניגונימלעך און לידלעך.

דאָס אידישע לעבן אין אָסטראָווצע איז געווען איינגעזעסן. חסידים-שטיבלעך: גערער, אַלעקסאנדערער, קאָצקער, קוזמירער, סאָכעטשאָווער. יעדעם חסידים-שטיבל האָט זיך געהאַט זיין נוסח, זיין שטייגער. די גרויסע שול און די צוויי בתי-מדרשים — דאָס אַלטע און נייע — זיינען אַלע מאָל געווען פול מיט דאַוונענדיקע אידן און לערנער. אין די חדרים האָבן די מלמדים געלערנט מיט די קינדער. די אינגלעך, בחורים האָבן נישט אַרונטערגעמאַכט די פאות הינטער די אויערן, נאָר די פאות האָבן זיך נאָך געבאָמבלט פריי פון ביידע זייטן. מ'האָט שפּאַצירט איבער די גאַסן אין די גאַרטלען און קאַפּלען, מיט די גמרות אונטער די הענט. שבת זיינען פריי אַרומגעגאַנגען חסידים מיט אַטלעסענע קאַפּאָטעס און מיט שטריימלעך אויף די קעפּ.

אין דעם גייסטיקן חסידיש לעבן, האָט אָסטראָווצע פאַרנומען גאָר א באַזונדער אָרט, צוליב דעם אָסטראָווצער רב, רב מאיר יחיאל הלוי האַלשטאָק ז"ל, א הויכער, מיט א קליין שיטער בערדל, מיט טיפע פאַרחלומטע אויגן און אויסגעבלייכט פּנים. די הויט געל ווי פּאַרמעט. אַלע מאָל האָט ער געטראָגן איין אַטלעסענע זשיפּיצע, א גרויסע, צוליב די וואַטאָווע שפּאַנצערס, וואָס ער האָט געטראָגן. ער האָט אויסגעזען אפילו זומער ווי אָנגעפּעלצעוועט. געפאַסט האָט ער אַלע טאָג; בלויז יעדן אויפדער-



אַקטיוו פונעם אָסטראָווצער רעליעף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק

נאכט, האָט ער טועם געווען אַ כזית פון אַ חלהלע, וואָס איז ספּעציעל געבאקן געוואָרן פאַר אים. ער האָט נישט געשטאַמט פון קיין יחוס נאָר פון פּשוטע מענטשן, ארבעטער. אָבער ער איז געוואָרן אַ גרויסע רבנישע אויטאָריטעט און נישט בלויז געווען רב פון שטאָט, נאָר טויזנטער חסי־דים געהאט. אַז די חסידים זאָלן נישט האָבן געפאָרן צו אים אָפּצוגעבן אַ קוויטל, נאָר טאקע הערן זיינע טיפע דרשות און פּילפּולים, ווייל די חסידים אַליין זיינען געווען גרויסע לומדים. און טאקע אין דעם גרויסן, לאַנגן בית המדרש, ווי מען האָט עס גערופן דעם רבס בית המדרש, האָב איך די ערשטע חסידישע תורה פונעם רבין געהערט און דעם רבינס תורה נאָכגעזאָגט מיט אַלע תנועות און באַוועגונגען. ער איז אויך געווען באַהאַוונט אין וועלטלעכע לימודים און צוליב זיין פּשטות און עניוות איז ער געווען געאַכטעט ביי אַלע שיכטן פון שטאָט, אַז די גאַנצע אידישע שטאָט האָט אַרויסגעוויזן איר ליבע און אכטונג צו דעם גרויסן גייסטיקן פירער.

צווישן די מלמדים פון שטאָט האָט זיך ביי מיר איינגעקריצט אין זכרון שמשעל מלמד, אָדער ווי מען האָט אים גערופן שימשעל שטשאָרע. אַ נידעריקער, אַ דארער, מיט אַ קליין בערדל, אַ טונקל פּנים. אַלע מאָל איז ער געגאַנגען אַרומגעוויקלט מיט אַ גארטל איבערן כאַלאַטל, דער קאָלנער פון העמד איז געווען אַלע מאָל אָפן, די פּאָלעס פון כאַלאַטל צע־שפּרייט, אַז די בלויע פּאסן פונעם ערבע כנפות מיט די ציצית האָבן זיך אַרויסגעזען. ער איז שוין נישט געווען קיין דרדקי מלמד, ער האָט זיך שוין גערעכנט פאַר די גמרא־מלמדים. זיינע תלמידים זיינען געווען גמרא און תוספות אינגלעך. בטבע איז ער געווען אַ שטילער, אַ רואיקער, אָבער צו די תלמידים זיינע האָט ער זיך באַנומען זייער שטרענג. זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען זיי צו רייסן ביי די אויערן, אויב זיי האָבן נישט איבערגענומען זיין לערנען. און נישט איין אינגל איז אַהיימ־געגאַנגען פאַרוויינט און מיט רויטע אויערן. איך דערמאָן זיך זיין חדר־שטוב ווי אַזוי זי האָט אויסגעזען: אַ שטוב ד׳ על ד׳, אַ לאַנגער טיש מיט לאַנגע בענק אַרום, אינגלעך זיצן ביי דעם טיש מיט אָפענע גמרות. אין איין ווינקל פון שטוב זיינען געשטאַנען צוויי בעטן, און צווישן די בעטן איז געווען די קיך מיטן אויוון, וואו עס זיינען געשטאַנען און זיך געקאָכט טעפּלעך פון וועלכע עס האָט געשמעקט מיט ריישעכטס. דורך דורך די פּייערקעס האָט זיך געקאָפּטשעט דער רויך פון דעם נאַסן האָלץ, וואָס האָט נישט געוואָלט ברענען. אין אַן אנדער ווינקל פון שטוב איז

געשטאנען אַ שלאָפבאַנק מיט אַ ניי־מאַשין, וואו עס זיינען געזעסן איי־ניקע יונגע מיידלעך, וואָס האָבן זיך געלערנט צו זיין נייטאָרנס ביי זיין דערוואקסענער טאָכטער. אויף דער שלאָפבאַנק איז געווען אָנגעוואָרפן מיט ציכלעך, איינשיטן, העמדער פארטיקע און נאָך אין דער ארבעט. די ווענט זיינען געווען באַצירט און באַהאַנגען מיט קופּערנע פאַנען, פענדלעך, טעפּלעך. דאָס גבירישקייט איז חלילה נישט געווען זייער אייגנס, דאָס זיינען געווען משכנות, וואָס מען האָט איינגעלייגט, אַז דאָס מיידל, וואָס האָט זיך איינגעדונגען אויף צו לערנען זאָל אויסזיצן די לערן־צייט.

צווישן די טרעגערס ווי אברהמעלע מאַטשיק, די „קוואָקעס" איז בערל טשאַטשקע געווען דער אָנגעזעענסטער. אַ הויכער, אַ פּול־געפּאַקטער מיט ברייט פּלייצעס, מיט אַ היפּשן בייכל, מיט אַ שטריק ווי אַ גארטל ארומגעבונדן. הענט ווי פון שטאָל אויסגעגאָסן. ער האָט געקענט נעמען אַ 200 פונטיקן זאַק, אָדער קאַסטן אויף זיינע פּלייצעס, און דאָס האָט אויסגעזען ביי אים ווי אַ שפּילעכל. ס'איז אָבער ווערט צו פארצייכענען אַ פאַקט, פון דעם אָרגאַניזירטן אידישן זעלבסטשוץ, וואָס איז געווען אונטער בערל טשאַטשקעס אָנפירערשאַפט. געווען איז דאָס אין די יאָרן 1901—8, אין פּוילן איז דאַן פּאָרגעקומען אומרואיקייטן קעגן דער צאַ־רישער רעגירונג. ס'זיינען דאַן פּאָרגעקומען בונטן צווישן די ארבעטער און רעוואָלוציאָנערן. אַ סך ארבעטער פון די גרויסע אייזן־פאַבריקן, אויפ־געהעצטע פון קריסטלעכע פּאָגראָמטשיקעס, וואָס האָבן אויסגענוצט די לאַגע, האָבן געוואָלט צעפירן זייערע הענט דורך ראַבירן געשעפטן און ברעכן שויבן. האָט דאַן בערל טשאַטשקע אָרגאַניזירט די קצבים, טרע־גערס און שטאַרקע יונגען. מיט מעסערס, העק און אייזנס, זיך אויסגע־שטעלט אין דער שול־גאַס נישט צוצולאָזן דעם ווילדן המון צו דער שול, צו וועלכער זיי האָבן זיך געריסן.

צווישן דער אידישער יונגוואַרג פון אָסטראָווצע מיט די שקצים פון באַרג, וואָס איז געווען אויפן וועג צום „בראָז" האָט זיך געפירט אַ לאַנג־יאָריקע קריג מיט שטיינער־וואַרפן. כאָטש קיינער פון די קריגערישע צדדים האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס מען פירט קריג און מען טראָגט אַ שנאה. יעדן שבת נאָכן טשאָלנט זיינען אַ סך פון דער יוגנט ארויסגעגאַנגען ווי אין קריג־מאַנעווערס צום באַרג, די אידישע יונגען האָבן געוואָלט פאַרטרייבן די שקצים, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן באַרג און געוואַרט אָנצופאַנגען די קריג מיט וואַרפן שטיינער. און נישט איין בחור האָט זיך

אומגעקערט פון דעם קריגס־פּלאַץ מיט אַ לאָך אין קאָפּ. ווער ס'האָט איבערגעלאָזט אַ היטל אין וועג. נישט איינמאָל האָט זיך מרדכי קאָוואַל באַקלאָגט אויף דעם, וואָס מען האָט אויסגעהאַקט שויבן אין זיין הויז, וואָס איז געשטאַנען אין וועג פון דעם שלאַכטפעלד און נישט איין שינדל פונעם דאַך איז איבערגעבראָכן געוואָרן פון די געוואָרפענע שטיינער. צווישן די אידישע קעמפער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין סטראַטעגיע ישראל קריינדלס. ווען ער איז געווען דערביי זיינען די אידישע קעמפער געווען זיכער מיט אַ זיג אין פאַרטרייבן די שקצים און טאַקע אייניקע פון זיי אָנגעבראָכן די ביינער.

שבת בייטאָג איז דער סטאַוו־וועג געווען פול מיט שפּאַצירנדיקע מיידלעך און אינגלעך. אויפן וועג צו דער ראַפּציזנע, וואו דאָרטן האָט מען זיך נענטער באַקענט און אפילו ראָמאַנסן געפירט. פאַרליבטע פּאָר־לעך זיינען דאָרטן געלעגן אין גראָז, געשטיפט מיט אַ יונגטלעכן ברען, גענאַשט צוקערקעס, און געקנאַקט באַניע־קערן. אַז ס'איז פינצטער גע־וואָרן, האָבן זיך די מיידלעך געאיילט אַ היים צו גיין, צו הערן דאָס הבדלה־מאַכן פון טאַטן, וואָס האָט באַדאַרפט אַהיימקומען, ווער פון שול, בית המדרש, אָדער פון שטיבל, און אויך צו פאַרדעקן, אַז די מאַמע און טאַטע זאָלן נישט האָבן קיין פאַרדאַכט, אַז זיי פירן אַ ליבע אָן אַ שרכן.

אַזוי דערמאָנט זיך מיר דאָס אידילישע לעבן פון שטאָט אָסטראָווצע, וואָס איך געדענק פון מיט פערציק יאָר צוריק. איך האָב בלויז דאָ פאַר־צייכנט אַ קליינע צאָל בילדלעכע שילדערונגען, וואָס זיינען ביי מיר איינ־געקריצט אין מיין זכרון.

לייב פּילץ

# אָסטראָווצע מיין היים, מיין וויג

צווישן די שענער און קיניוועד וועלדער, באַזוימט מיטן טייך און „ליאס", באַפּוצט דעם האָריזאָנט מיט קוימענס פון אַלערליי פאַבריקן, וואָס האָבן ווי איבערגעקערטע בלייפעדערס ארויפגעסטאַרטשעט צום הימל, איז אָסטראָווצע מיין היים געווען.

יידן האָבן געהאַנדלט בייטאָג און געלערנט דעם תלמוד ביינאַכט, געזוכט חיונה פאַרן הויז־געזינט און געטראַכט פון עולם הבא. ווייבער זיינען מיט גאָטס חן געווען פאַרנומען מיטן דערציען דעם נייעם דור, וואָס האָט געברויזט מיט פרייד און האָפענונג. און מענטשן, מייסטער און געזעלן, האָבן באַקליידט און באַשוכט, געשפייזט און געפאַרבט סיי אָסטראָווצער מענטשן און סיי דעם גרויסן ארום־שטאָט.

די יידישע קולטור איז געווען אַ רעליגיעזע. די מחלוקות זיינען געווען וועגן אַלטן אָדער נייעם חזן. דאָס קליינע בית־המדרש האָט קאָנקורירט מיטן נייעם — דער נייער מיטן אַלטן בית־המדרש, און אַלע דריי מיט דער שול וואָס איז געשטאַנען ביים ראַנד פונעם באַרג און האָט אַראָפּגעקוקט צו אַלע, וואָס אַרבעט און לויפט און באַדויערט, וואָס בלויז די יידן וועלן האָבן עולם הבא.

איז געקומען 1905 און אויפגעטרייסלט דעם גאַנצן געגנט. פּראָצעסיעס מיט רויטע פענער, מיט לאָזונגען פאַר פרייהייט און פאַר „אונזער פּוילן", גרויסע פאַרזאַמלונגען ארום דער פאַבריק... יידן זיינען געוואָרן אַריינגעצויגן אין וכוחים: וואָס וועט דערפון ארויסקומען? זיי ווילן נישט דעם קיסר? ווי קען זיין אַ מדינה אָן אַ קיסר? גייט שוין, גייט, אויך מיר אַ קיסר, אַ צורר יהודים, אַ שונא ישראל. אָט איז פראַנץ יאָזעף



פלענארע בעראטונג פון די נארד־אמעריקאנער אסטראווצער קאמיטעטן אין טשיקאגע

פון גאַליציע אויך אַ קיסר. אַט איז ענגלאַנד... נו, אפשר וועלן מיר פּטור ווערן פון אים, פון ניקאָלאַי? פּתח שין, שאַ!... נישט גערעדט זאָל ווערן.

דאָס יידישע יונגוואַרג האָט דאָס אונטערגעכאַפּט און דערציילט וואונדערלעכע מעשיות, ווי אין „זאַגראַניטשע" איז פאַראַן פרייהייט. האָט זיך מיטאַמאָל געיאַוועט אַ מיסטעריעזער משולח פון ערגעץ און האָט גערופן צו ארץ ישראל. יאָ, זאָגט ער הורא, שרייט מען וואָס דאָס מיינט האָ־רע דאָס איז שלעכט. האָבן יינגוואַרג אויף טשעקאַוועס אים געהערט און געשאַפן קאָוויאַרניעס, וואו ביי אַ גלעזל טיי מיט אַ קיכל האָט מען געזונגען אַרבעטער־לידער, באַוויינט דעם אָרימאַנס גורל, געחלומט אויף גוטע צייטן.

און אַט האָט זיך צעוואַקסן אַ גאַנצע באַוועגונג אונטערן נאָמען פּ. פּ. ס. אין די נאָענטע קרייזן האָט מען דיסקוטירט די „לעוויצע" מיט דער „פראַקציע" (לינקער און רעכטער פליגל פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי) און מ'איז אַלע אַוועק צו דער „לעוויצע".

דער יידישער אַקטיוו, וואָס האָט געאַרבעט אין פאַרבינדונג מיטן פּוילישן אַקטיוו פון די פאַבריקן, איז באַלד אַנערקענט געוואָרן אַלס יידישע סעקציע ביים צענטראַל קאָמיטעט אין וואַרשע; און די פאַרהושכטע אַרבעטער זיינען באַלד אַרויס אין שטרייק פאַר אַ קלענערן אַרבעטס־טאָג, פאַר העכערע לוינען.

אין 1906 און 1907 האָט זיך די כוואַליע פון טעראָר אויפגעהויבן. אַלע אַקטיוויסטן וועלכע מען האָט נאָר געפונען, זיינען אַרעסטירט געוואָרן, די איבעריקע זיינען אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד.

די לערן־יינגלעך, וואָס האָבן געוואָלט אַריין אין דער פּאַרטיי, האָט מען צוריקגעוויזן, ווייל זיי זיינען געווען צו יונג. מיר האָבן געגרינדעט אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע. די מיטגלידערשאַפט האָט דערגרייכט איבער 30.

נאָך די אַרעסטן, ווען אַלץ איז צעשטערט געוואָרן, האָבן מיר, יונגוואַרג, איבערגענומען דאָס איבעררעאָרגאַניזירן די אַרבעט, דעם שטאָט־קאָמיטעט און מיט דעם מיליטערישן קרייז פון דער פּאַרטיי; נאָך ערגער איז געווען, וואָס מ'איז געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פון צענטער.

נאָר דאָס, וואָס איז פּאַרזייט געוואָרן, האָט זיך צעבליט. ס'האָט זיך פאָרמירט אַ באַוועגונג. און ווען אין די אַרבעטער־רייען איז איינגעשרומפּן געוואָרן דער פּ. פּ. ס.־אַקטיוו — האָט זיך אויפגעהויבן אַ קולטור־באַוועגונג: אַ כאָר, דראַמאַטישע גרופּע, פּועלי ציון פּאַרטיי און נאָך און נאָך.

אָסטראָווצע איז געוואָרן א ווארשע אין מיניאטור.

אָסטראָווצע מיינע, וויפל איך האָב געחלומט אלע יאָרן פון דיר, ווי שטארק כ׳האָב דיך געוואָלט זען מיטן מיטן מארק, מיטן בית־המדרש, די שול, די חסידיש־שטיבלעך, די פארטייען, בירגערלעכע און ארבעטער; מיין משפחה, מיינע יונגע שוועסטער און ברידער; מיינע חברים; מיינע לאנדסלייט.

מיין היים, מיין וויג.

* * *



פאַרוואַלטונג פון אָסטראָווצער קאָמיטעט אין תל־אביב (ישראל) 1947



נתן שטאָקבוים — ערשטער סעקרעטאר פו־
נעם אָסטראָווצער ל״ל פאריין אין אַרגענטינע

מ. פּילצמאַכער

# געזעלשאַפטלעכע שטרעבונגען אין אָסטראָווצע

געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען זיינען אַ קאָנסעקווענץ פון דער צייט, אומשטענדן און באַדינגונגען אין וועלכע מען לעבט. און טראָץ דעם, וואָס די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען זיינען די פּ אָ ר ג ײ ע ר, די פּ אָ־נ ע נ ט ר ע ג ע ר פאַר נייע דערגרייכונגען, אין וועלכע די געזעלשאַפט נויטיקט זיך, צו וועלכע די געזעלשאַפט גאַרט, פאַרוואָס זי קעמפט, און



דריי פון די הויפּט באַטייליקטע אין דעם דראמקרייז ביים „אַרבעטער־היים" (פּ"צ) אין אָסטראָווצע, אין די יאָרן 1919־20. פון רעכטס צו לינקס: וואָלף נייגאָדל, משה פּילצמאַכער און ראובן אייזנבערג



גרופּע פּועלי־ציון אין 1918

ספּעציעל די מיטלען ווי אזוי זי קעמפּט, שפּיגלט אָפּ די אייגנ־אַרטיקייט פון דער צייט, דעם אופן ווי דאָס פאָלק לעבט.

דאָס ערשטע האַלבע יאָרהונדערט איז רייך אין געשעענישן, אין סאָציאַלער און פּאָליטישער איבעראַנדערשונג פון די פאַר־העלטענישן און במילא שטופנווייזע ענדערונגען אינעם גאַנצן לעבנסשטייגער.

ווען מיר כאַפּן אַ בליק אויף אונדזער שטאָט אָסטראָווצע, איר אי־דישן לעבנס־שטייגער, אירע קאַמפן אין די לעצטע פופציק יאָר, געגנויער: ביזן אונטערגאַנג, ביזן צעשטערן דעם אידישן ישוב דורך די נאַצישע



פועלי־ציון גרופּע 1919

באַנדיטן, זעען מיר פאַר זיך אַ ראַשיקע, כסדר פּראָגרעסירנדיקע אידישע געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג, וואָס פאַרכאַפּט מיט איר שנעלקייט.

ביזן אָנהויב פון 20טן יאָרהונדערט איז די אידישע אָסטראָווצע געווען דורכאויס רעליגיעז, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע שיכטן פון פאָלק. הגם עס זיינען שטענדיק געווען קלאַסן: דער אויבערשטער שיכט מיוחסים, גבירים, חסידים, וואַוילקענער, וועלכע האָבן געקוקט מיט ביטול פון אויבן אַראָפּ אָפן „פּראָסטן" המון, האָט אָבער דער „המון" ווייניק וואָס רעבעלירט, האָט באַנומען זיין מיזערנע עקזיסטענץ אַלס

„גאַטס שטראָף", אויף וועלכער מען דאַרף בעטן „פאַרגעבונג", אָבער מ'טאָר נישט מוריד זיין...

דער אָרימער, אָדער „פּראָסטער" קלאַס, וואָס האָט מיט זיך פאָר־געשטעלט דאָס ביסל האַרעפּאַשניקעס, באַלמעלאָכעס, האָבן פאַר זייער באַקוועמלעכקייט, בכדי צו פילן זיך היימיש, צווישן אײגענע, זיך געשאַפן זייערע „חברות", מנינים צום דאַווענען. פון דאָרט האָבן זיי גע־שעפט זייער גייסטיקע דערהויבנקייט, זייער נשמהדיקע באַפרידיקונג. פאַר מער האָבן זיי סיי־ווי־סיי קיין צייט נישט געהאַט. די האָרעוואַניע האָט זיי בלויז צייט געגעבן צו דאַווענען, אַריינכאַפּן אַ „ברכי און קדושה", אויף שנעל אַראָפּצושלינגען די פּאָר „לעפל וואַרעמס" און וויי־



פאָלקס־שול „*רבות" אין אָסטראָווצע

טער גיין אין שפּאַן. דער אַרבעטער געזעל, ווי גרויס דער טאָג האָט נישט געזאָלט זיין, האָט נאָך געמוזט אויסלייען אַ פּאָר שעה ביי דער נאַכט פאַר זיין אַרבעט, כדי צו שטילן דעם הונגער פון זיין הויז־געזינד. ווען מיר כאַפּן איצט אַ בליק אויף צוריק, אויף יענער צייט, וועלכע ציילט ערשט קאַנגע 50 יאָר, כאַפּט אונדז אָן אַ גרויל!

אין אָנהויב פון 20טן יאָרהונדערט האָט די רעוואָלוציאָנערע באַ־

װעגונג אינעם צארישן רוסלאנד קעגן דער דעספּאָטישער זעלבסטהער־
שאַפט פונעם צאַר איבער דער גרויסער אימפּעריע, באַגלייט מיטן שטרעבן
פאַר פוילנס אומאָפּהענגיקייט, — אויך דערגרייכט דאָס פּראָלעטאַרישע
און זיך אַלץ מער פּראָלעטאַריזירנדיקע אַסטראָװצע.

דעמאָלט איז אַנטשטאַנען די סאָציאַליסטישע באַװעגונג אויף דער
אידישער גאַס, אונטערן איינפלוס פון דער רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג
אינעם צארישן רוסלאַנד, אונטערן איינפלוס פון דער באַװעגונג פאַר
פוילנס אומאָפּהענגיקייט און אונטער דער טאָפּלטער רעכטלאָזיקייט פון
די אידן אַלס אידן און אַלס סאָציאַליסטן.



פועלי־ציון יוגנט־גרופּע 1920

מיטן אַנטשטיין פון דער סאָציאַליסטישער באַװעגונג אויף דער
אידישער גאַס, האָט גלייכצייטיק אָנגעהויבן, הגם אין אַ באַגרענעצטער
מאָס, אַן אויפקלערערישע קולטור־טעטיקייט, און עס זיינען געמאַכט גע־
װאָרן אָנשטרענגונגען אויף צו ליקווידירן דעם אַנאַלפאַבעטיזם צווישן די
אַרבעטער מאַסן.

די דאָזיקע באַװעגונג האָט געהאַט אויסצושטיין אומגעהייערע שווע־

ריקייטן. ערשטנס, דורך די צארישע רדיפות; צווייטנס, ווייל ביים טרא־ דיציאָנעל ־ קאָנסערוואַטיוון עלעמענט אויף דער אידישער גאַס האָט דאָס אויסגעזען ווי א „חילול הקודש" ר"ל...

און ווען די יונגע פרימיטיווע ארבעטער־באַוועגונג אין יענער צייט האָט נאָך גענומען שטרייקן, כדי צו פארבעסערן די לאגע פונעם „געזעלן", וועלכער פלעגט מערסטנס ארבעטן אויפן „זמן" און קיינמאָל נישט גע־וואוסט פון קיין באַשטימטער ארבעטס־שעה און אין פיל פאלן פלעגט נאָך דער ארבעטער־געזעל ארבעטן ביים באלעבאָס מיט קעסט, שלאָפן און א בגד אויף יאָנטעוו — קען מען זיך לייכט פאָרשטעלן וואָס פארא אומצופרידנקייט עס האָבן ארייגעבראכט אָט די „חוצפהדיקע ציצע־ליסטן" צווישן די (אין תוך האָרעפּאַשנע) באלעבאטים.

נאָך שאַרפער איז געווען די אומצופרידנקייט ביי די קלעריקאַלן. עס האָט זיך דאַן אויפגעהויבן א כוואַליע פון פּראָוואָקאַציעס, מסירות און טעראָר, וועלכער האָט זיך געשיצט אונטער די פליגל פון דער צארי־שער אָכראַנע. מאַסן ארבעטער זיינען געוואָרן איינגעזעצט אין די טור־מעס און פארשיקט אויף סיביר. ארבעטער אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען געווען אומלעגאַל, האָבן אָפּגעענטפערט מיט טעראָר, און פון צייט צו צייט זענען געפאַלן אנדערע צארישע טשינאָווניקעס וואָס האָבן זיך באַ־צויגן גרויזאַם צו די רעוואָלוציאָנערן און אויך פון די היימישע מוסרים, וועלכע האָבן געדינט דער צארישער אָכראַנע.

דער דאָזיקער קעגנזייטיקער טעראָר האָט אָנגעהאַלטן ביזן דער מלחמה אויפן באלקאַן און זיין פינאַל איז געווען אין יאָר 1915, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דורך א פּאַטרול פון פּוי־לישן לעגיאָן אין דער עסטרייכישער ארמיי, וועלכער האָט אין זיך גע־האַט אייניקע אָפּטראָווצער פּוילישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען אַנט־לאָפן פון די צארישע פארפאָלגונגען קיין גאַליציע אין דער רעוואָלוציאָ־נערער צייט פון פינפטן יאָר, האָט דער דאָזיקער פּאַטרול אויף א ספּעק־טאַקולאַרן אופן דערשאָסן דעם גרעסטן מסור פון יענער רעוואָלוציאָנערער צייט, אוואָמעלע ראַטשעמאָרא.

נאָכן אויספירן דעם דאָזיקן נקמה־מאָרד, האָט דער פּאַטרול זיך צוריקגעצויגן, און אָסטראָווצע איז ווידער געבליבן אויף דער שטרעקע פון „קיינעמס לאַנד", צווישן די רוסישע און עסטרייכישע אַרמייען. ס'איז, דאַכט זיך, דעמאָלט נישט געווען קיין איין איד אין שטאָט, וואָס זאָל נישט באַטראַכטן די דאָזיקע שטראָף פאַר אַ פאַרדינטער...

יענע צייט האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דער אָפּשלוס פון אַן אייגנאַרטיקן רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד און די ענדע פון די טעראָריסטישע קאַמפּס־מעטאָדן.

## אַ קולטור־אָנהויב פון וועלכן עס איז אַרויסגעוואַקסן אַ פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען גאַנץ פּוילן איז שוין געווען אָקופּירט פון די דייטשע און עסטרייכישע אַרמייען, ווען דאָס פאָלק האָט זיך שוין געהאַט צוגעוואוינט צום רעזשים פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע־מאַכט*), איז צייט געווען גענוג, באַשעפטיקונג — ווייניק. אין דער האָפענונג פאַר דער נאָענטער צוקונפט נאָך דער מלחמה, האָבן זיך גענומען ביי דער יוגנט אויספּיקן נייע אידייען, נייע שטרעמונגען, מ'קען זאָגן, נישט קיין נייע, נאָר ב א נ יי ט ע אידייען. ס'האָט אויסגעזען ווי אַ מין באַגינען, ווען ס'הייבט אָן ווידער שאַריען אויף טאָג.

דאָס ערשטע, דאָס לעגאַל מעגלעכע איז געווען צו טון קולטור־אַרבעט, הגם אויך דאָ האָט נישט געפעלט דער קאָנטראָל פון דער אָקופּאַציע־מאַכט.

זייט דעם, ווי די צאַרישע מאַכט האָט געהאַט אונטערדריקט די רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנד־באַוועגונג פון אָנהייב 20טן יאָרהונדערט, ווען די בעסטע און טיכטיקסטע רעוואָלוציאָנערע טוער און קולטור־טרעגער זיינען צעשטויבט געוואָרן און צעלאָפן זיך איבער פאַרשידענע ווייטע

*) דער זידלעכער טייל פון פּוילן, וואָס גרעניצט מיט גאַליציע איז געווען אונטער דער עסטרייכישער אָקופּאַציע.



פאַרוואַלטונג פונעם אָסטראָווצער לאַנדלייט פאַריין אין אַרגענטינע

לענדער, איז ווי אָפּגעשטאָרבן געוואָרן יעדע מין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אויף דער אידישער גאַס. און איצט, אונטער די נאָך נישט קלאָר אויסגע־שיילטע נייע באַדינגונגען פאַר געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, נאָר פול מיט נייע האָפענונגען, האָט דער מער קולטורעלער טייל פון דער אידי־שער יוגנט גענומען טראַכטן וועגן טון עפּעס אויפן קולטורעלן געביט.

סוף ווינטער פון 1916 האָבן זיך צונויפגענומען אַ גרופּע באַלעבאַ־טישע יונגעליט, סטודענטן, ביוראַליסטן פון די גרעסערע אידישע אונטער־נעמונגען, אייניקע געוועזענע קעמפער פון „5טן יאָר", וועלכע האָבן, אגב, אַקטועל מיט קיין שום רעוואָלוציאָנערישקייט גאָרנישט געהאַט צו טון, זיי זיינען נאָר געווען אַ מער באַוואוסטזיניקער און פּראָגרעסיווער עלע־מענט, און האָבן גענומען טראַכטן וועגן טון קולטור־אַרבעט.

די היימיש־באַלעבאַטישע יוגנט איז געווען גענויגט צום ציוניזם, וואָס האָט דעמאָלט גענומען אין פּוילן פאַנאַנדערוויקלען אַן אינטענסיווע באַוועגונג, וואָס האָט געשמעקט מיט נאַציאָנאַלער האָפענונג, מיט ראָ־מאַנטיזם. דאָס האָט די באַלעבאַטישע יוגנט שטאַרק געלאָקט...

קיין שטאַרק אָנגעצויגענע באַציאונגען זיינען צווישן דער פאַרשידן־דענקנדיקער יוגנט נישט געווען. אידעאָלאָגיש האָט זיך אין תוך נישט געהאַט אויסקריסטאַליזירט קיין שום קאָנקרעטעס, עס האָט זיי אָבער אַלע פאַרייניקט דער ווילן צו טון קולטור־אַרבעט.

די ערשטע שוואַלבן פון דעם דאָזיקן נייעם קולטור־באַגינען זיינען געווען נתן ערלעכם עלטסטער זון (פאָטאָגראַף), לייזער און חיל לעווי שמואל לעווינס זין), שמחה מינצבערג, לייזער מינצבערג, אברהם מאַלעך, וועלוויל אייזנבערג (אַ דרילדזשער, ראובן שפּילמאַנס איידעם), איידעלמאַן (אַן אַפּטער, וואָס האָט געהאַט אַ שפּילקאָווע שוסטער־וואַרשטאַט אויף קאָשציעלנע גאַס), יחזקאל זייגערמאַכס עלטסטער זון און אַנדערע, וועמענס נעמען ס'איז שווער זיך צו דערמאָנען. דאָס זיינען אַלץ געווען אינ־טעליגענטע מענטשן און די וויכטיקסטע טוער אינעם סאַמע אָנהייב. שפּעטער, מיטן פאַנאַנדערוואוקס פון דער געזעלשאַפטלעכקייט, זיינען צוגעקומען פיל נייע טוער.

די ערשטע וויכטיקע איניציאַטיוו איז באַשטאַנען אין שאַפן אַ אידישע ביבליאָטעק (אַזוי האָט זי אויך געהייסן). און כדי מעגלעך צו מאַכן איר רעאַליזירונג, איז גלייך נעשאַפן געוואָרן אַ דראַמקרייז אונ־טער דער אָנפירונג פון וועלוול אייזנבערג. דער ערשטער אויפטריט איז באַשטאַנען אין סקעטשן, איינאַקטערס, צווישן זיי שלום עליכמס „אַן

עצה" און „ס'א ליגן". שפּעטער איז אויך געשפּילט געוואָרן „דער ישיבה בחור", וואָס איז מיט גלאַנץ אויפגעפירט געוואָרן און האָט געהאַט גרויס דערפאָלג.

נאָך דעם איז די גרינדונג פון דער ביבליאָטעק געוואָרן א פאַקט.

די ביבליאָטעק האָט זיך איינגעאָרדנט אויפן סטאַוו אין א פיינעם לאָקאַל. אזוי איז אַנשטאַנען די נייע היים פאַר דער קולטורעלער יוגנט אין אָסטראָווצע.

פאָרמעל און אָפיציעל איז די דאָזיקע „אידישע ביבליאָטעק" געווען אַן אומפּאַרטייאישע און אָן שום קלאַסן־דיפערענץ. אָבער די בור־זשואַזע יוגנט האָט פאַקטיש דאָמינירט אין דער אינסטיטוציע און זי פאַרוואַנדלט אין א באַזע פון בירגערלעך־ציוניסטישער טעטיקייט.

די דאָזיקע לאַגע האָט אָנגעהאַלטן ביז הערבסט פון 1917. אין יענער צייט איז שוין אין אָסטראָווצע געווען א יונגע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, אַן אומלעגאַלע און שטרענג קאָנספּיראַטיווע. זייער רעוואָ־לוציאָנערער אַרבעט איז באַשטאַנען אין פאַנאַנדערשפּרייטן פּראָפּאַגאַנדע מאַטעריאַלן פון סאָציאַליסטישער אויפקלערונג און קעגן דער עסטרייכי־שער אָקופּאַציע. פּאַראַלעל מיט דעם האָבן זיי זיך באַמיט אַריינצו־דרינגען אין דער „אידישער ביבליאָטעק", פאַרנעמען א פּאָזיציע פאַרן פּשוטן אַרבעטער פאָלק און באַקעמפן די באַלעבאַטישע איינפלוסן.

אונטערן וואַקסנדיקן רעוואָלוציאָנערן שטראָם קעגן מלחמה און אויסלענדישער אָקופּאַציע, קעגן הונגער, וואָס די דאָזיקע מלחמה האָט פאַראורזאַכט, איז אַלץ געשטיגן דער באַוואוסטזיין פון די יונגע אַר־בעטער עלעמענטן און ס'איז שנעל געוואָקסן זייער איינפלוס.

מיטן צוזאַמענברוך פון דער עסטרייכישער אימפּעריע, איז די בי־בליאָטעק שוין געווען א באַהערשטע פונעם אידישן אַרבעטער קלאַס. דער קולטור־בונד פון דער ביז דעמאָלט פאַרייניקטער אידישער קולטור־באַוועגונג איז געווען צעטיילט און דעפינירט אונטער פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס.

דער ציוניסטישער לאַגער אַליין האָט זיך צעטיילט אין: אַלגעמיינע ציוניסטן, מזרחיסטן און „שומרים", וועלכע זיינען געווען הויפּטזעכלעך אונטער דער אָנפירערשאַפט פון די אין אָנהייב דערמאָנטע פערזאָנען.

דער אידישער אַרבעטער־לאַגער האָט זיך אין יענער צייט דעפינירט אין צוויי פאַרטיי־גרופּן: א פּועלי ציוניסטישע און א בונדישע, וועלכע האָבן זיך, וואָס ווייטער, אַלץ שטאַרקער באַקעמפט, און ביידע — יעדע

פאַרוואַלטונג פון אָסטראָווצער לאַנדסלייטפאַריין אין בוענאָס איירעס (1948)



אויף איר שטייגער — האָבן באַקעמפט דעם בירגערלעכן ציוניזם. און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס קיין „לינקער" פּועלי־ציוניזם איז נאָך דעמאָלט נישט געווען, האָבן די אָסטראָווצער פּ. צ. שוין דעמאָלט זיך שטאַרק אָפּגעגרעניצט פון דער בירגערלעך־ציוניסטישער אידייען־שותפות.

די פּ. צ. האָט זיך דעמאָלט צוזאַמענגעשטעלט פון די ייִנגערע אַרבעטער מיט רעוואָלוציאָנערן ברען, און דער „בונד" — פון אייניקע געוועזענע רעוואָלוציאָנערן פון „5טן יאָר", וועלכע זיינען געווען אַן „אויסגעלאָשענער וואולקאַן", מעסיק אין זייער דענקען און האָבן גע־שפּילט די ראָל פון „אינטעליגענטן" און „אַלטע רעוואָלוציאָנערן".

די ערשטע טוער און אימפּולסירער פון דער פּ. צ.־באַוועגונג אין אָסטראָווצע (פון יענער צייט) זיינען געווען: א י צ י ק ב ע ר ג ע ר, אַ טוער פון אַ הויכן גראַד רעוואָלוציאָנערן באַוואוסטזיין און געזעל־שאַפטלעכער אחריות. אָט דער דאָזיקער נאָך גאָר יונגער מענטש, פונעם פּראָסטן פאָלק, האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס הארץ און די נשמה פון יענער ניי־אויפגעלעבטער אַרבעטער־באַוועגונג אין אָסטראָווצע. פון זיין אומדערמידלעכער אָנגעשטרענגטער אַקטיוויטעט אויף אַלע געביטן פון פּאַרטייאישער פּראָפעסיאָנעלער און קולטור־טעטיקייט, איז ער צו די 20 יאָר אַטאַקירט געוואָרן פון טובערקולאָז, וואו מ'האָט אים ביים ערשטן מאָל באַוויזן אָפּצוראַטעווען. אין מיטן 1920 איז ער אַוועק צו זיינעם אַ ברודער קיין אַמעריקע און ענדע 21טן יאָר איז ער דאָרט געשטאָרבן.

זיינע נאָענטסטע און ערשטע מיטאַרבעטער פון דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע ביזן פאַרלאָזן פּוילן, זיינען געווען הערש קודלאָוויטש (אַ מעסיקער פּועלי ציוניסט) היינט לערער פון די „אַרבעטער־רינג"־שולן אין קליוולאַנד (פּ. ש.) און דער שרייבער פון די שורות. מיט דער אויס־ברייטערונג און באַפעסטיקונג פון דער פּ"צ־באַוועגונג זיינען צוגעקומען מער אינטעליגענטע טוער פונעם אָרטיקן חסידישן מיטל־קלאַס, ווי פייוול שטיינבאַק (געשטאָרבן אין בראַזיל), מאיר בלאַנקמאַן (געפינט זיך אין פּוילן) און אַנדערע. עס זיינען אויך געקומען לערער און סטודענטן פון הויכשולן, ווי קעסטנבערג, הערש זאַמיעטשקאָווסקי, יעקב קאַפּער, סאָניע קאַנטאָר, משה וויים פעלנער, יחזקיאל רוטמאַן, שליפקע און דער אונגאַר ז ע ל י נ ג ע ר.

ווען די פּ"צ־באַוועגונג איז געווען שוין אַ היפּש פאַרשפּרייטע אין אָסטראָווצע און אומגעגנט, האָבן זיך אין איר אויך באַטייליקט דער באַקאַנטער פעלדשער, רעוואָלוציאָנער פון פינפטן יאָר, אַבראַהאַמטשע ביי־

נערמאַן און דערנאָך — זיין שוואָגער נחמן אַלמאַן, וועלכער האָט גע־שטאַמט פון טאַרלע.ביידע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

דער „בונד" איז געוואָרן אָנגעפירט פון אברהם שערצמאַן, זיין פרוי ראָזא טייבלום ,ביידע נישט קיין אָסטראָווצער), איטשע זינגער (באַקאַנט אַלס „איטשע שבתי מאירס", געוועזענער רעוואָלוציאָנער פון פינפטן יאָר), אייזיק ביינערמאַן (דער דריטער זון זון אַלטער בולאָק — פון פינפטן יאָר), וועלוול פּאַצאָנטיק (פון פינפטן יאָר), יצחק וואָגשאָל (פון פינפטן יאָר) און איציק גראָבער (געשטאָרבן לעצטנס אין טאָראָנטאַ, קאַנאַדע).

די פּ"צ האָבן געהאַט זייער קלוב „אַרבעטער־היים", אַן אַרבעטער־קיך, אַ ביבליאָטעק. זיי האָבן דעמאָלט באַהערשט די פּראָפ. אַרבעטער־באַוועגונג אויף דער אידישער גאַס ביי די ניינציק פּראָצענט. זיי האָבן אָנגעפירט מיט אַ פּאָלקס־שול, אָוונט־קורסן און פּאָפּולערע קורסן פון וויסנשאַפט פאַר אַרבעטער. פאַר די זומער־חדשים — אַ קאָלאָניע פאַר קינדער פון 4 ביז 12 יאָר און אַ מוסטערהאַפטן דראַמקרייז, איז געווען אָנגעפירט פון בירקענוואַלד און האָט אויפגעפירט די מאָדערנסטע ליטע־ראַרישע פּיעסן פון יענער צייט, אונטערן איינפלוס פון די אויפפירונגען פון דער „ווילנער טרופּע".

שפּעטער האָט אויך דער „בונד" געשאַפן אַזא דראַמקרייז אונטער דער אָנפירונג פון א י צ י ק ג ר א ב ע ר, וועלכער האָט באַזיצט גוטע טעאַטראַלע פעאיקייטן.

* * *

ווען ס'האָבן זיך גענומען דעפינירן אידעאישע פּאַרטיי־גרופּן, איז אַנטשטאַנען די פּאַרטיי „מזרחי" (אומגעפער אין 1918), וועלכע איז געוואָרן אָנגעפירט פון ראובן מאַנדעלבאַום, משה לעדערמאַן (דודל גאַר־בערס זון) אַ ביז גאָר טאַלאַנטירטער און אינטעליגענטע פּערזאָן, מזרחי ראַטמאַן אין שטאָטראַט און דאָזאָר אין דער אידישער גמינע. שמואל וועסטל, לייבוש האַלשטאָק, (עטלע חנה עבערס אַן איידעם), שיע קור־פערמאַן און פון די יינגערע — אשר בירנבוים (געפינט זיך אין בראַזיל).

עס איז אויך אַנטשטאַנען די אגודת שלומי אמונה ישראל" אונ־טער דער אָנפירונג פון שאול קעסטנבערג, פּיניע ראָזנמאַן און אַלטער מאָרע.

CERTIFICADO PROVISORIO — תעודה זמנית

NOMBRE — שם הנרשם

LOCALIDAD — המקום

INSCRIPTO POR — נרשם ע״י

CON MOTIVO — בהזדמנות

BUENOS AIRES — ב. איירס

OFICINA CENTRAL DEL KEREN KAYEMETH LEISRAEL PARA LA AMERICA LATINA

הלשכה המרכזית של הקרן הקימת לישראל לאמריקה הלטינית

מזכיר — דירקטור

LIBRO DE ORO DEL KEREN KAYEMETH LEISRAEL

ספר הזהב של הקרן הקימת לישראל

פאַקסימיל פונעם דיפּלאָם פון איינשרייבן די אידישע ישובים פון אָסטראָווצע און אומגעגנט אינעם „ספר הזהב“

די „מזרחי" ווי די „אגודת ישראל" האָבן געשאפן א מאָדערנעם חדר פאר קינדער, וועלכע די מלמדים האָבן באטראכט ווי א קאָנקורענץ צו זייער „פאך", און האָבן געפּרואווט שאפן א פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאציע צו פארטיידיקן זייערע אינטערעסן. זיי האָבן אפילו געפּרואווט זיך ווענדן נאָך הילף צו דער „צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע ארבעטער־פאריינען", וועלכע איז אָבער נישט גענומען געוואָרן אין אכט איבער פאָלגנדע טעמים: ערשטנס, ווייל די מלמדים זיינען געווען זעלבסט־שטענדיקע, נישט פארדונגען צו א באשטימטן באלעבאָס און ווייל די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־באַוועגונג האָט נישט געהאלטן פאר וויכטיק צו שיצן דעם אלטן ווי דעם ניי „מאָדערניזירטן" רעליגיעזן לימוד.

* * *

אין די צוואַנציקער יאָרן האָבן גענומען שטייגן די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען ביי דער יוגנט, נישט בלויז ביי די פּראָלעטארישע, נאָר אפילו אויך ביי די קליינבירגערלעכע און דאָס האָט געבראכט צו א רייַ שפּאַל־טונגען אין די אידישע סאָציאַליסטישע פּארטיי־אָרגאַניזאציעס, ווי „פּועלי ציון" און „בונד". און אַפילו אַלגעמיינע ציוניסטן זיינען אריבער אינעם לאַגער פון עקסטרעם־לינקס.

אין יענע יאָרן זיינען אנטשטאַנען א ריי ספּאָרט־אָרגאַניזאציעס אונטער דער אָנפירונג און ווירקונג פון די ווארשעווער צענטראַלעס.

* * *

מיר דערלויבן זיך נישט צו באַהאַנדלען ברייטער אָט דעם לעצטן פּעריאָד פון דער אָסטראָווצער אידישער געזעלשאפטלעכקייט (פון 20טן ביזן 30טן יאָר), ווייל צו יענער צייט האָב איך זיך שוין נישט געפונען אין אָסטראָווצע.

איך האַלט נאָך פאר וויכטיק אָנצואווייזן, אַז אפילו די דורכויס באַהאַנדלטע אידיש־געזעלשאַפטלעכע אנטוויקלונג איז געמאכט ווי דורכלויפנדיק מיטן שנעל־צוג. אויסמיידנדיק אָדער נישט דערכאַפּנדיק מיטן אויג א גאַנצע ריי „קלייניקייטן", וועלכע האָבן אין יענער צייט גע־רופן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. אָבער דורך דער אַלגעמיינער אויבנאויפיקער באַהאַנדלונג פון דער אידישער געזעלשאַפט־

לעבער אנטוויקלונג אין אַסטראָווצע פאר דער צייט פון די ערשטע 25 יאָר (אומגעפער), באקומט זיך שוין גענוג דער ראשיקער פראַגרעס פון דעם אידישן קולטור־לעבן אין דער היים, וואו מיר זיינען געבוירן, געליטן, געקעמפט פאר אַ בעסערע, פאר אַ שענערער, פאר אַ ווירדיקער לעבן. און נישט קוקנדיק אויף די שוועריקייטן, וואָס ס'איז געווען אויסצושטיין פון דער אלגעמיינער רעאַקציע און פון די אידישע קאָנסערוואַטיווע קויכעס, איז דאָך דער דורכגעלאָפענער מהלך אַ קאָלאָסאלער מארש פאָרויס, וועלכער האָט פארביטן און איבערגעאַנדערשט אין אַ גרויסער מאָס דעם גאנצן לעבנס־שטייגער. און ווען נישט דער גרויסער חורבן, וואָס מיר האָבן געליטן אלס פאָלק, וואָס איז געווען דער קרבן פון דער וועלט־רעאַקציע, וואָלט דאָס פוילישע אידנטום היינט זיך געפונען אויף דער העכסטער שטופע פון סאָציאלער און פאָליטישער אויפשטייג. דאָס קליינע רעשטל פונעם פוילישן אידנטום, וואָס האָט דערגרייכט דורכצולעבן די דאָזיקע קאָשמארע קאטאסטראָפע און די וואָס האָבן נישט פארלוירן דעם באוואוסטזיין און דעם גלויבן אין א ווירדיקער עקזיסטענץ און זיינען נישט אַרונטערגעפאלן אונטער די איכה־שטימונגען — אָט דאָס קליינע רעשטל אידן, וועלכע וואוינען היינט אין פוילן, זיינען די גליקלעכע, וואָס זיינען באפרייט געוואָרן און העלפן בויען א ניי לעבן, וואָס וועט פאר־זיכערן א בעסערן מאָרגן.

עבער ביינערמאַן

# אָסטראָווצע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

דאָס פּאָלק אין פּוילן האָט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פון 1918־1914, ביז צו איר זעלבסטשטענדיקייט, געהאַט אויסצושטיין אַ סך רדיפות, שיקאַנעס און פאַרפאָלגונגען נישט ווייניקער ווי די אידן אונ־טערן צאַרישן דעספּאָטישן שטיוול.

ווען פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע מלוכה, דורכן ווער־סאַילער טראַקטאַט, און אונטער איר אַפּוטרופּסות האָבן זיך געפונען איינגעשלאָסן טעריטאָריעס פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן: אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, און די אידן מיט איבער דריי מיליאָן נפשות.

ביים איינשטעלן די מאָראַטשעווסקי רעגירונג, האָט זיך אויספּאָר־מירט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין אַ גאַנץ ברייטן פאַרנעם אויף אַלע געביטן, איינשליסלעך אָסטראָווצע, וועלכע איז איינע פון די אינדוסטריע־לע צענטערן אין פּוילן און אויך די ארומיקע געגנטן, וועלכע האָבן אייזן, ציגל, צוקער און פּאָרצעליי־פאַבריקן. אָסטראָווצע איז געווען איינע פון די אַלטע אידישע שטעט מיט אַ אידישער אַרבעטערשאַפט, שניידעריי, שטעפּער, סטאָליער, שוסטער און אַלע אַנדערע פאַכן. עס האָט זיך אויך שטאַרק אָנגעזען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אויף דער אידישער ביר־גערלעכער גאַס.

דאָס אָנגעזעענסטע אָרט, צו יענער צייט, האָט פאַרנומען אינעם געזעלשאַפטלעכן אַרבעטער־לעבן די פּועלי־ציון, אין אַ גרויס־שטאָקיקער געביידע ביי קיווע ראָסעט. אין דעם הויז האָט מען איינגעאָרדנט דאָס

אָרגאַניזאַציאָנעלע פּאַרטיי־לעבן: די יוגנט, ביבליאָטעק, אַרבעטער־קיך, אָוונט־קורסן און די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג.

די אַלע אַנשטאַלטן אונטער די פּועלי־ציון, האָבן אָנגעהויבן צו יענער צייט ווערן אַ מאַסן באַוועגונג. די אָנפירנדיקע עלעמענטן אין דער ערשטער ריי האָבן פאַרנומען אײַזיק בערגער, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסן סטאַזש פון אַרבעט. אַלס אָרגאַניזאַטאָר און רעדנער האָט ער געשפּילט די דאָמינירנדע ראָל אין דעם אידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אָסטראָווצע. עס זײַנען אויך געווען אַ גאַנצע רייע גוטע אַקטיוויסטן פון אָט דער באַוועגונג: משה פּילצמאַכער, פּייוול שטיינבאַק, יאָסל פינקעלשטיין, שמיל שפּייזמאַכער, יצחק נוסענאָוויטש, הענעך שאַמשטיין,




און שמיל שאַמשטיין. און פון דער יוגנט־באַוועגונג: יואל שניידער, אביש מעגערמאַן, משה קאָטיק, גידיינסקי און אַנדערע.

די אָוונט־קורסן זײַנען אין יענער צייט אָנגעפירט געוואָרן דורך אײַנעם פון דער בעסטער אידישער אינטעליגענץ, זאַמיעטשקאָווסקי. און אַ דאַנק אים, איז אונטער זײַן אָנפירונג געשאַפן געוואָרן די ערשטע אידישע שול.

אויף דער אידישער אַרבעטער גאַס האָט אויך פאַרנומען אַן אָרט

אינעם געזעלשאפטלעכן לעבן דער „בונד", וועלכער האָט זיך געפונען ביי פּערעץ זייגערמאכער אונטערן נאָמען „גראָסער קלוב". דער „בונד" איז געווען אַ גאַנץ אָנגעזעענע אָרגאַניזאַציע ביי אונדז אין אָסטראָווצע. ער האָט אויך געהאַט אַ ביבליאָטעק און האָט זיך אָפּט פאַרמאָסטן צו דורכ־פירן געזעלשאפטלעכע שמועסן איבער פאַרשידענע פּאָליטישע טעמעס.

די אָנפירנדיקע בונדיסטן זיינען געווען: שערצמאַן, איטשע זינגער, שימעלע פישמאַן, מאַרמאַלע וועלמאַן, שמיל בייגעלמאַן און יוסף פרימער־מאַן.

אויף דער בירגערלעכער גאַס איז אויך געווען אַ גאַנץ אָנגעזעענער




פּאַרוואַלטונג פון אָסטראָווצער האַנטווערקער־פאַריין

פאַקטאָר די ציוניסטישע און יוגנטלעכע אָרגאַניזאַציע. אין איר האָט זיך אַמעמרסטן גרופּירט דער בירגערלעכער עלעמענט. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ שיינע אידישע העברעאיש־ביבליאָטעק און אַ קינדער־שול.

די ציוניסטישע אָנפירער זיינען געווען: עזרא באַמשטיין, א. י. מינצ־בערג, לייזער און כיל לעווי, און שמיל באַמשטיין. פון דער ציוניסטישער יוגנט: משה קופּערמאַן, כ. גרינער און נאָטע קופּערמאַן.

אויך די מזרחי־שול האָט פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין אונדזער היים־שטאָט אָסטראָווצע, מיט די לערער: ערליך און טומטשע אייגער.

דאָס אָנגעזעענסטע אָרט ביי אונדז אין שטאָט פון די שולן, האָט פארנומען די פאָלקס־שול, וואָס איז געווען אונטער דער פּועלי־ציון השפּעה מיט די לערער: זאמיטשקאָווסקי, קעסטענבערג און דער באַליבטער איִדיש־העברעאישער פּעדאגאָג פ יי וו ל ש ט יי נ ב אָ ק (געשטאָרבן אין בראזיל).

די פאָלקס־שול האָט צו יענער צייט ארומגענומען איבער 150 קינדער. אויך אין זומער־צייט האָבן די קינדער פארבראכט די וואקאציעס אין ספּעציעלע איינגעאָרדנטע דאטשעס ווייט פון אָסטראָווצע.

אין דער צייט פון 1923 איז ביי לאנדע איבערגעטראָגן געוואָרן די ביבליאָטעק און אויפן זעלבן אָרט האָט די פּ. צ. געהאט אַן ארבעטער־קאָאָפּעראטיווע, וועלכע האָט אָנגעהאלטן א צייט פון איבער צוויי יאָר.

די פּראָפעסיאָנעלע באוועגונג האָט ארומגענומען אלע אָרגאניזירטע ארבעטער פון אלע פאכן, און אויף אזא אופן איז זי אָנגעפירט געוואָרן דורך דער צענטראל ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאריינען.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די אידעאָלאָגישע פראקציאָנעלע גרופּן־אַרבעט. באהערשט די פּראָפעסיאָנעלע באוועגונג האָבן א לאנגע צייט די לינקע פּועלי ציון (דאָס איז פאָרגעקומען מיט א צייט שפּעטער, נאָך דער שפּאלטונג פון די רעכטע פּועלי ציון, וועלכע איז געוואָרן א רעדוצירטע ביז אַ מינימום.).

מיט דעם וואָס די אָסטראָווצער אידישע אַרבעטערשאַפט האָט פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין די ארבעטער צענטערן אין פּוילן, זיינען דעריבער דעלעגירט געוואָרן ספּעציעלע פונקציאָנארן. און זאָל דאָ טאקע דערמאָנט ווערן זייערע נעמען: זעלינגער, יוסף סלושנע און וויספעלדער. און לאָמיר שוין אויך דערמאָנען, נישט נאָר בלויז די לאנגע שטרייקן פון די פארשידענע פאכן, וואָס האָבן אויסגעהאלטן זייער עקזאמען אין די נצחונות פון זייער אָרגאניזירטקייט. בלויז צו דערמאָנען דעם שטרייק פון די מצה־אַרבעטער אין 1922, אונטער דער אָנפירונג פון יוסף סלושנע, וואָס האָט אויפגעברויזט די אָסטראָווצער שטאָט, אז מען וועט בלייבן אָן מצות, און דער שטרייק איז אַרויס אַ געוואונענער פאַר די האָרעפּאַשניקעס.

אין דעם יאָר 1924 וואקסן אויס נייע קויכעס אינעם ארבעטער געזעלשאַפטלעכן לעבן און דאָ פאַרנעמט טאקע דאָס אָרט אלס פאָרשטייער

פון די לינקע פועלי ציון צו דער קהילה און אין שטאָט־ראַט דער באַליבטער און אַלטער רעוואָלוציאָנער פון יאָר 1905 **אַ װ ר ו מ ט ש ע ב ײ נ ע ר מ אַ ן**, דער שטאָטישער פעלדשער. זיין אַקטואַציע האָט זיך געצויגן ביז זיין אומקום דורך די ברוינע בעסטיעס.

דעם זעלבן װעג האָט אויך נאָכגעפאָלגט דער ייד װאָס איז געװען באַקאַנט אין אָסטראָװצער אַרבעטער לעבן **נ אַ כ מ ע אַ ל מ אַ ן**.

די יידישע אַרבעטער־יוגנט האָט פאַרנומען אין אונדזער שטאָט אַן אָנגעזעענעם אָרט אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַװעגונג האָבן אַקטואירט געשאַפענע יוגנט־סעקציעס, אַזעלכע זיינען געװען אין אַלע פאַכן.

אין דער צייט זיינען געװען די אַקטיװע טוער: יאַנקל פוקס, װאָלף מילמאַן, פייװל שאַמשטיין און כיל פייערשטיין (געשטאָרבן אין בועַנאָס איירעס).

צו יענער צייט האָבן זיך אויך אָנגעהויבן די פּראַקטיאָנעלע אידעאָלאָגישע גרופּן, װען יעדע גרופּע האָט געװאָלט אויסנוצן איר השפּעה אויף דער פּראָפעסיאָנעלער יוגנט.

אין דעם קולטורעלן לעבן האָבן פאַרנומען דעם אויבן־אָן די צוויי דראַמקרייזן, איינע פון די פועלי ציון מיט בירקענוואַלדן אַלס רעזשיסאָר, וועלכער האָט געהאַט אַ ליטעראַרישן צוגאַנג צום יידישן טעאַטער, און האָט לאַנגע יאָרן אַקטואירט מיט דעם דראַמקרייז.

דער צווייטער, יצחק גראָבער, וועלכער איז געקומען פון די בונדישע רייען צום לינקן רעוואָלוציאָנערן טייל פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט, האָט אַקטואירט אַלס רעזשיסאָר. ער איז געווען אַן אינטעליגענט און גע־האַט טאַלאַנט און האָט געצויגן די סימפּאַטישע אויפמערקזאַמקייט פון די אַרבעטער שיכטן. און זאָל דאָ טאַקע דערמאָנט ווערן זיין פאַרמעסט מיט זיין ערשטער אויפפירונג פון „דער ישיבה בחור". מיט דער אויפ־פירונג האָט זיך אָנגעהויבן ציען זיין גאָלדענע קייט, וואָס האָט אַרויס־גערופן ליבשאַפט צו זיין קונסט, ביזן ענדע פון זיין לעבן אין טאָראָנטע (קאַנאַדע).

אין דער אידישער געזעלשאַפט אין אונדזער שטאָט האָבן אַקטו־אירט צוויי ספּאָרט־קלובן, איינער ביי דער ציוניסטישער יוגנט „הכוח", וועלכער האָט געהאַט אַ גאַנץ לאַנגע אַקטואַציע. דער קלוב האָט גע־האַט אַן אייגענעם קאַמף פּאַר איבונגען.

אויך ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, שוין באַהערשט צו יענער צייט פון דעם לינקן טייל — די ק. פּ. האָט אַקטואירט אַ ספּאָרט־קלוב אונ־טערן נאָמען „שטערן". (דער שרייבער פון די שורות איז געווען זיין גרינ־דער). לאַנג האָט דער קלוב ניט אָנגעהאַלטן, צוליב די פּאָליצייאישע שיקאַ־נעס קעגן אים און קעגן דער צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אויך צוליב פאַרשידענע אַנדערע אומשטענדן איז דער קלוב אונטערגעגאַנגען.

די אַרבעטער קיך, וואָס האָט פונקציאָנירט זינט דער גרינדונג אין דער צייט פון מאַראַטשעוווסקים רעגירונג (ביי קיווע ראָסעט אין הויז), ביזן יאָר 1924 און די צענטראַלע ביוראָ (ביי וואַכנע), וואָס האָט באַ־דינט די ברייטע אידישע אַרבעטערשאַפט, האָבן אויך זיך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די אַסטראָווצער אידישע אַרבעטער מאַסן.

אַן ענלעכע אַרבעטער קיך האָט אויך פונקציאָנירט אַ קורצע צייט ביים בונדישן גראָסער קלוב.

שוין אין יאָר 1923 הייבן אָן בלאָזן נייע פּאָליטישע ווינטן. די שפּאַלטונגען פון די לינקע פועלי ציון און די שפּאַלטונג אין „קאָמבונד", וואו די נייגונגען ציען זיך צו דער ק. פּ. און דאָ קומען צו די נייע פירנדע

כוחות: מאַרמאַלע וועלמאַן, שמואל בייגעלמאַן, יוסף פרימערמאַן, עלע גאָלדבערג און אַנדערע.

דאָס זעלבע קומט אויך פֿאָר ביי דער יוגנט, וואו דער גרעסטער טייל פאַרלאָזן די אַלטע רייען אונטער דער אָנפירונג פון לייב לעווי און דער שרייבער פון די שורות.

עס קומט אָן די צייט פון דער רעאַקציאָנערער פּילסודסקי רעגי־רונג, וועלכע פאַרמעסט זיך אויף דער אַלגעמיינער אַרבעטערשאַפט. טער־ראָר און אונטערדריקונג קעגן יעדער פרייער עפנטלעכער מיינונג, שאָווי־ניסטישע העצע קעגן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, אַן עקאָנאָמישע אויס־



**ספּאָרט־קלוב „גוויאַזדאַ״ אין אָסטראָווצע**

ראָטונגס־פּאָליטיק לגבי דער אידישער באַפעלקערונג, אַ פּאָליטיק פון צוואַנגס־עוואַקואַציע פון לאַנד, אַ פּאָליטיק פון פאַרניכטונג.

אַנטי־אידישע געזעצן, אָפענער, דורך דער מאַכט געשטיצטער באָי־קאָט אויפן אידישן האַנדל און מלאכה, פאַרפאָלגונגען פון אידן אויפן געביט פון העכערער בילדונג, פּאָגראָמען אין די הויך־שולן, שיקאַנעס קעגן אידן מצד דער מלוכהשער אַדמיניסטראַציע, מיט דער אויסשליס־לעכער כונה צו דערנידעריקן די אידישע באַפעלקערונג, נמאס צו מאַכן

דאָס לעבן און אַרויסצושלאָגן ביי איר מינדסטע מעגלעכקייט פון פאַר־טיידיקונג קעגן ווילקיר און בייזן ווילן מצד דעם נידעריקסטן באַאמטן.

און עס קומט אונטער די ערשטע מאַי־דעמאָנסטראַציע אין 1926 אויף דער ראַמפּע, מיט דער באַטייליקונג פון אַ גרויסן טייל אידישע אַרבעטער צוזאַמען מיט דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט, אונטער דער אָנפירונג פון דער פּ. פּ. ס., ביי וועלכער עס קומען פאַר גרויסע צוזאַ־מענשטויסן. באַלד נאָכדעם קומט אין שטאָט אַ שטאַרקע רעאַקציע מצד דער פּאָליציי און עס ווערן פאַרשפּאַרט פיל אידישע אַרבעטער.

דעם 10טן יוני קומען אונטער די נייע גרויסע געשעענישן, צוליב דריי אינזשיניערן פון דער אייזן־פאַבריק אין קלינקעוויטש.

די ריזן־דעמאָנסטראַציע צום מאַגיסטראַט, און דער צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי, ווען די סיטואַציע איז באַהערשט געוואָרן פון די אַר־בעטער אין משך פון 24 שעה, ביז עס זיינען אָנגעקומען מיליטערישע פאַרשטאַרקונגען. דער סך־הכל איז געווען 4 טויטע און פיל פאַרוואונ־דעטע. גלייך האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג נאָך די אידישע אַרבעטער, איבערהויפּט נאָך די אָנפירנדיקע. עס זיינען נאָכגעקומען אַרעסטן און תפיסה־פאַרשיקונגען און אויך אַנטיסעמיטישע העצעס, באַגלייט פון די פּאָליצייאישע רעאַקציאָנערע מעטאָדן. אַ סך פון די אָנפירנדיקע אַרבע־טער עלעמענטן זיינען געווען געצוואונגען זיך לאָזן אין וואַנדער־וועג, פאַרלאָזנדיק אונדזער שטאָט, אויסוואַנדערנדיק קיין אויסלאַנד.

בעת דער פייערונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, דעמאָנסטרירנדיק איבער די אָסטראָווצער גאַסן מיט די ווייס־בלויע פענער, איז עס געווען אַן אָנזאָג פון אַ נייער ערא אינעם אידישן לעבן, פאַר אַ זעלבסטשטענ־דיקער אידישער מדינה — האָבן אויך אידישע אַרבעטער אויפגעהויבן די רויטע אַרבעטער־פענער איבער די אָסטראָווצער גאַסן פון אַלע אַן אונטער־שיד אַרבעטער־אידעאָלאָגיעס אין איר געמיינזאַמען קאַמף פאַר אַ בעסערן פּראָגרעסיוון מאָרגן.

אָט אַזוי האָט געלעבט און געאָטעמט די אידישע שטאָט אָסטראָווצע, וואָס איז געווען פול מיט חכמה, תורה, געזעלשאַפטלעכקייט און פּראָגרע־סיוו אַרבעטער־לעבן.

---

נתן דוד ראָזענבלום

# דער רעליגיעזער יחוס פון אַפּט

די שטאָט, וואָס מ'האָט באַ די פּשוטע אידן גערופן אַ פּ ט, ביי די קריסטן אָפּאַטאָוו און ביי די רבנים און צדיקים אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער — אַפּטאַ.

אַפּט, וועלכע איז נאָך אין די גאָר אַלטע צייטן באַרימט געווען מיט אירע גרויסע רבנים, גאונים, באַלעבאַטים און גרויסע ערלעכע אידן. נישט הינטערשטעליק אָקעגן לובלין, קראָקע און לעמבערג. דער שרייבער פון די שורות האָט געזען גאַנצע דריי פּונקסים ביי דעם אַפּטער רב ר' צבי הירש פרידמאַן זצ"ל. דער ערשטער פּנקס וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ זיבן הונדערט יאָר צוריק, ד"ה פונעם 1300טן יאָר, איז געווען אינגאַנצן אָפּגעמעקט, און דערצו אין אַזאַ כתב, וואָס עס איז ממש אוממעגלעך צו לעזן. דער צווייטער פּנקס האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר רצ"ט ד"ה אין יאָר 1430. די ערשטע בלעטער זיינען געווען מיט אַן ענלעכן כתב ווי אין דעם ערשטן פּנקס. עס איז פּשוט געווען אוממעגלעך צו פאַרשטיין אַ וואָרט, נאָר ווייטער איז שוין מער־ווייניקער ענלעך צום היינטיקן כתב, וואָס מיר שרייבן.

דער ערשטער, וואָס איז דאָרט פאַרצייכנט, איז דער גוט באַקאַנטער אין דער לומדישער וועלט, הגאון הגדול ר' אליעזר ב"ר שמואל אשכנזי, דער מחבר פונעם ריזיקן ספר „דמשק אליעזר" אויף דער גמרא חולין, וועלכעס האַלט אַריבער 600 זייטן פון גרויסן פאָרמאַט, אָפּגעדרוקט אין יאָר שצ"ט — 1648. דאָס ספר האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין דער לומדישער וועלט מיט זיין לאָגיק און גלייכע פּשטים. ער האָט איבערגעלאָזט אַזעלכע חיבורים אויף גאַנץ ש"ס, נישט געדרוקט. נאָר אין

ספר „שמות הגיטין", געדרוקט אין ווניציא אין יאָר 1657, געפינען זיך דאָרט זיינע חידושים אויף פאַרשידענע מסכתות.

אַ סך ווילן האָבן, אַז דאָס איז דער באַקאַנטער גאון און פילאָזאָף רבי אליעזר אשכנזי, מחבר פונעם ספר מעשי ד', קראָקעווער רב באַלד נאָך דער רמ"א און פאַרן ב"ח, וואָס עס האָט אויף אים עדות געזאָגט דער גרויסער גאון בעל מגיני שלמה, אַז ער איז געווען אַ חכם בעל החכמות און א יחד בדורו. אַלע גאונים האָבן אים געשיקט זייערע שווע־רע שאלות. נאָר ווי מען זעט אין זיינע ספרים איז עס אַ גרויסער טעות, מיטן אונטערשיד פון די נעמען פון זייערע עלטערן. נאָר אַזוי ווי דער אַפּטער רב, דער דמשק אליעזר, איז אויך געווען אַ גרויסער מפורסם אין דער אידישער וועלט צוגלייך מיטן מעשי ד , האָט מען דעראַפּר געמיינט, אַזביידע זיינען איין פּערזאָן.

ווייטער ווערן דאָרט דערמאָנט פאַרשידענע גרויסע רבנים, גאונים גוט באַקאַנטע אין דער לומדישער וועלט, וואָס אויסצושרייבן זיי וואָלט פאַרנומען אַ היפּשער ספר. די גאָר באַקאַנטע זיינען ר' בעריש כהן, דעם שייכס אַן אייניקל, וואָס איז פריער געווען סטאַבניצער רב. אינטערע־סאַנט איז, אַז פון זיי זיינען די קינדער און אייניקלעך געווען כסדר סטאַצניצער רבנים ביז דער סאַמע לעצטער צייט. אויך דער באַגריער רב איז געווען אַן אייניקל פון זיי. דער לעצטער באַגריער רב איז געווען ר' יוסל שוחט פון אַפּט א טאָכטער זון, הגאון הגביר האדיר ר' הירשל אַפּטער, וואָס וואָס איז געווען רב אַן געהאלט. איבער מחלוקות איז ער אוועק קיין קאַליש און איז דאָרט געווען אַ פרנס ומנהיג.

הגאון האדיר ר. העשל, דעם קרעמעניצער גאון ר' מאירלס א זון — ער קער זיך גאָרנישט אָן מיטן שפּעטערדיקן אַפּטער רב ר' אברהם יהושע העשל„ וואָס איז טאַקע געווען זיינער אַן אור־אור אייניקל, וואָס מיר וועלן שפּעטער שרייבן. הגאון האדיר ר' יוסף סגל לאַנדא, וואָס איז גע־ווען רב אין אַפּטער קלויז וועלכע איז געווען באַרימט מיט איר ריזיקער ביבליאָטעק פון טויזנטער ספרים, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען אַ סך אוניקומס פון וואָס דער שרייבער פון די שורות דערמאָנט זיך מיט טרערן אין די אויגן, וואָס האָט שוין געזען ריזיקע מלוכהשע בי־בליאָטעקן און האָט די זעלבע ספרים נישט געפונען.

ווי עס זעט אויס, האָט אַפּט געהאט פריער צוויי רבנים —איינער אלס שטאָט־רב און איינער אלס רב אין קלויז, וואָס איז גלייכצייטיק גע־ווען אַ ישיבה. הגאון האדיר ר' לייב, דער רבי פונעם יוד הקדוש פון

פשיסכע — צוליב מחלוקה איז ער אוועק קיין סאָכאטשאָוו — באַקאַנט אונטערן נאָמען ר׳ לייביש חריף. ר׳ שבתילע איינבינדער, דער פאָטער פונעם באַרימטן קאָזשעניצער מגיד. הרב הגאון הקצין, ר׳ יהודה הלוי לאַנדא, וואָס איז געווען אין אַפּט אַ פּרנס ומנהיג אינעם אידישן פּאַרלאַמענט „וועד הארבע ארצות״, אַ זון פון ר׳ הירש לאַנדא באַקאַנט אונטערן נאָמען ר׳ הירש וויטיש אויפן נאָמען פון זיין מוטער, אַ טאָכטער פון גרויסע גאונים און רבנים, וועלכער איז געווען אַ גדול בתורה און אַ גביר אדיר און גרויסער בעל־צדקה. ר׳ הירש ווישישס עלטער־שוועער איז געווען דער גרויסער גאון באַקאַנט אין דער אידישער וועלט מיטן נאָמען רבי העשל, קראָקעווער רב, אויך אַ געבוירענער אין אַפּט. דעם רבין ר׳ העשלס פאָטער ר׳ ראובן און ברודער ר׳ יעקב, באַקאַנטע גאונים ליגן אין אַפּט.

וועגן דעם גדול ר׳ יהודהלע לאַנדא איז כדאי אַ ביסל מער זיך אָפּצושטעלן. ער איז דער פאָטער פונעם באַקאַנטן ריזיקן גאון און חכם ר׳ יחזקאל לאַנדא, דער פּראַגער גאון. די פרוי זיינע חיילה האָט געשמט מיט איר שיינקייט און לומדות און חכמה ווי איינע פון די גרויסע נביאות און גבירות פון ישראל. זייער זון יחזקאל, וואָס איז געבוירן אין אַפּט אין יאָר 1714 און נפטר געוואָרן אין פּראָג אין עלטער פון 79 יאָר אין יאָר תקנ״ג 1793. ווען דער זון יחזקאל איז אַלט געווען פינף יאָר, האָט אים דער פאָטער פאַרגעשטעלט פאַר דעם דעמאָלטדיקן אַפּטער רב און ראש ישיבה ר׳ משה יעקב. דער רב האָט מיטן קינד יחזקאל פאַרפירט אַ פּלפול אין קדשים און אין זייער הארבע סוגיות. ווען ער איז אַלט געוואָרן 13 יאָר האָט ער געקריגן סמיכה. ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ נאָמען אלס איינער פון די גרעסטע גאונים פון יענער צייט. אַלט וורנדיק 18 יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט ליבע בת הרב הגאון האדיר ר׳ יעקבקע פון דובנע, אַן אייניקל פונעם גאון ר׳ יעקבקע ניקולסבורגער רב. עסנדיק קעסט ביים רייכן שווער, איז ער געעזסן און כסדר געלערנט. שפּעטער איז דער שווער אַוועק קיין בראָד און האָט מיטגענומען זיין איידעם ר׳ יחזקאל לאַנדא. בראָד איז דאַן געווען אַ שטאָט מיט הונדערטער רבנים, גאונים און חכמים. באַקאַנט איז דעמאָלט געווען אַ קלויז מיטן נאָמען ר׳ חיים סאנסערטס קלויז, וואו עס האָבן געלערנט די גרעסטע גאונים און מקובלים אין יענער צייט. זעלבסטפאַרשטענדלעך האָט זיך אונדזער ר׳ יחזקאל מיט זיי געחברט. ער באַטיטלט זיי אין דער הקדמה צום ספר נודע ביהודה: אריות ונמרים, ד״ה לייבן און טי־

גערם אין לומדות און אין יראת שמים. דאָרט האָט ער זיך געחברט מיטן באַקאַנטן גאון און מקובל ר׳ אברהם גרשון קיטובער, דעם בעל שם טובס אַ שוואָגער. אַלט זייענדיק 24 יאָר האָט ער שוין געשריבן תשובות אויף שווערע שאלות, וואָס מען האָט אים געפרעגט פון אַלע עקן וועלט. ער איז געוואָרן ראש בית־דין צו די פיר בית־דינס, וואָס זיינען דעמאָלט געווען אין בראָד. צו 30 יאָר איז ער געוואָרן רב אין יאַמפּאָלע, פּאָדאָ־ליער גובערניע. דאַן איז שוין זיין נאָמען געווען אַזוי גרויס און באַרימט, אַז אַלע גרעסטע רבנים גאונים האָבן זיך געווענדעט צו אים ער זאָל זיין דער פּוסק אחרון צו די גרויסער געפערלעכער מחלוקה צווישן רבין ר׳ יהונתן אייבעשיץ, רב אין אַלטאָנאַ, האַמבורג און ר׳ יעקב עמדין וועגן די קמיעות, וואָס האָט צעטיילט די לומדישע וועלט אין צוויי. די גרעסטע העלפט האָט געהאַלטן מיט ר׳ יהונתן און די אנדערע העלפט מיט ר׳ יעקבן. צווישן זיי זיינען אויך געווען גרויסע גאונים, ווי דער פּני יהושע ר׳ אין פראנקפורט אם־מיין אויך אַ געבוירענער אין אַפּט. אַלע גאונים האָבן אויף אים געזאָגט, אַז ער האָט זיין ספר פּני יהושע מחבר געווען מיטן רוח הקודש. דאָס פייער פון דער מחלוקת איז געווען אַזוי גרויס גאָרנישט צו באַשרייבן. עס זיינען גענוג ספרים געשריבן גע־וואָרן וועגן דעם.

ר׳ יחזקאל, טראָץ זיין יונגקייט, ער איז דעמאָלט אַלט געווען 32 יאָר, האָבן זיך צו אים געווענדט ביידע צדדים, אַז ווי ער וועט פּסקנען אַזוי וועט עס בלייבן, אַזוי גרויס איז געווען זיין אויטאָריטעט. פון גרויס ליבשאפט צום אמת, איז ר׳ יחזקאל נישט געשלאָפן און נישט געגעסן, נאָר מיט אַלע זיינע כוחות טאָג און נאכט, געשריבן בריוו צו די אַלע גאונים און רבנים אין אַלע עקן וועלט, ביי וועמען ער האָט שטרענג געפאָדערט עס זאָל זיין שלום. אזוי ווי ר׳ יחזקאל איז געווען אַ כתבא רבא, אַ וואונדערלעכער שרייבער, האָט זיך אים מיט דעם איינ־געגעבן צו מאכן שלום. אין די בריוו האָט ר׳ יחזקאל שטארק גערימט דעם ר״ר יהונתן און אים פארגלייכט צו די תנאים. דאָך האָט ער גע־פּסקנט מען זאָל די קמיעות באהאלטן, ווייל ער איז דאָך נישט בעסער פון משה רבינו, וואָס האָט געמאכט דעם נחש הנחושת, און דאָך האָט חזקיהו המלך צעבראָכן דעם שלאנג און די חכמי ישראל האָבן מיט אים מיטגעהאלטן. ר׳ יחזקאל האָט גוזר געווען בחרם חמור נישט צו ריידן קעגן ר״ר יהונתן און ח״ו פּוגע בכבוד זיין אָדער מסרן פאר גויים, ווייל ער איז אַ קדוש ד׳.

ר׳ יחזקאל האָט מצליח געווען און עס האָט זיך איינגעשטילט די געפערלעכע און מוראדיקע מחלוקה, וואָס האָט זיך געצויגן טעלעכע יאָר.

צו די 40 יאָר איז ר׳ יחזקאל געוואָרן פּראגער רב. אינעם כתב רבנות, וואָס מען האָט אים געגעבן זיינען אונטערגעשריבן 25 מאן: גאונים מפורסמים און בעלי בחים. דאָס כתב הרבנות אליין איז א זעלטן מייסטער־שטיק. אינעם כתב רבנות האָט מען אריינגעשריבן, אַז מען נעמט אים אויף צען יאָר אַלס רב אב״ד און ראש ישיבה אא״וו אא״וו. געהאלט צוועלף רייניש א וואָך — דעמאָלט א גאָר גרויסע סומע, פון וואָס עס האָט געקאָנט לעבן א גרויסע פאמיליע ביד רחבה און דינגען א א בכבודיקע דירע. די ערשטע ארבעט זיינע איז געווען צו גרינדן א גרויסע ישיבה וואו הונדערטער בחורים האָבן געלערנט פיר שיעורים א טאָג. עס זיינען פון דאָרט ארויס גאָר גרויסע גאונים, גוט באקאנטע אין דער לומדישער וועלט. ער האָט מיט אָפענע אויגן אכטונג געגעבן אויף דער שטאָט, אלץ זאָל זיין אין אָרדענונג. אויף צו באשטעטיקן אז ער איז געווען א חכם מחוכם במילו דעלמא, קענען דינען פאָלגנדיקע צוויי פאקטן: עס האָט אים געפרעגט א רב פון א קליין שטעטל, וואָס א אידענע האָט אים דערציילט, אז אירס א חברטע, א כבודיקע אַלטע אי־דענע האָט זיך פאַר איר מודה געווען, אז איר מאן איז נישט קיין מאנס־פערזאָן און אלע אירע קינדער זיינען פון אנדערע מענער. האָט אים דער רב געפרעגט: וואָס טוט מען מיט דעם מאן, צי מעג ער מיט איר וו״יטער וואוינען? האָט דער נודע ביהודא געענטפערט, אז ער זאָל לאָזן גיין ווי עס איז און זאָל זיך דערפון נישט וויסן מאַכן... דער צווייטער פאקט: עס זיינען געקומען קיין פּראָג צוויי אינגלעך, פראָסטע און נישט קיין בני־תורה, האָט מען זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט. די צוויי בחורים האָבן גענומען האנדלען, האָבן מצליח געווען און געוואָרן גבירים אדירים. זיי האָבן חתונה געהאט און געהאט קינדער און זיינען זיך געוואָרן בי־טערע שונאים. איינער האָט קאָנקורירט מיטן צווייטן. ויהי היום איז געקומען א בארימטער פידלער, און ווי דאן איז געווען דער מנהג, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט צווישן די צוויי הייזער וועלכע זיינען געווען קעגנאיבער און געשפּילט. נאָכן שפּילן האָט מען אראָפּגעוואָרפן פון די פענצטער געלט. די צוויי געוועזענע חברים האָבן זיך גענומען קריגן: יע־דער איינער האָט געזאָגט, אז נאָר פאַר אים האָט דער פידלער געשפּילט. ער האָט זיך צוזאמענגעקליבן א גרויסער עולם און די געוואלטן זיינען געגאנגען עד לב השמים. ביז עס האָט זיך איינער אָנגערופן: וואָס דארפט

איר זיך קריגן, גייט צום רב, ער וועט אייך שוין אויסגלייכן. און כך הוה. זיי זיינען געגאנגען צום רב ר׳ יחזקאל לאנדא. נאָכן אויסהערן זייערע טענות האָבן ביידע אַרויסגעכאפּט צו 25 רענדלעך און אנידערגעלייגט פּסק־געלט. דער רב זאָגט דאן צו זיי בזה הלשון: דער פידלער האָט גע־שפּילט נישט פאַר דיר און נישט פאַר דיר. דערהערנדיק דאָס זיינען די צוויי שונאים אויפגעשפּרונגען מיט אַ טענה: — רבי, פאַר וועמען דען? ענטפערט דער רב גאַנץ געלאַסן: ער האָט געשפּילט פאַר מיר און גייט אייך געזונטערהייט און זייט מער נישט קיין שונאים.

כאַראַקטעריסטיש איז דער ענטפער, וואָס ער האָט געגעבן דעם גענעראַל פאַלקענהיים. די מעשה איז געווען אַזוי: ווען די קעניגין מאַריא טערעזיע, די באַרימטע עסטרייכישע קייזערין, האָט געמאַכט אַ וויזיט אין פּראָג, האָט ר׳ יחזקאל לאַנדא, דער רב, געהייסן אַז מען זאָל צוזאַמענ־שטעלן שיינע אידישע מיידלעך און זיי אויסלערנען אַ קאָלעקטיוון טאַנץ און די אידישע קלעזמאָרים זאָלן צוגרייטן אַ נייעם ניגון צום טאַנץ. ווען די קייזערין איז געקומען, איז דער רב מיט די ראשי העיר אקעגנ־געגאַנגען. דער רב האָט זי מיט איר סוויטע פאַרבעטן צום שול־הויף. דאָרטן האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט און דער רב האָט געגעבן אַ באַפעל צו „טאַנצן". דאַן האָבן די מיידלעך אויסגעפירט צום ערשטן מאָל דעם אַזוי באַרימטן טאַנץ, וואָס רופט זיך אַ שער. דער טאַנץ האָט זייער שטאַרק אויסגענומען ביי דער קייזערין נישט קוקנדיק וואָס זי איז געווען אַ גרויסע אַנטיסעמיטין, האָט זי זיך נישט געקענט איינהאַלטן, היים אַפּלאָדירט און געדאַנקט די מיידלעך מיט די קלעזמאָרים און געדריקט די האַנט דעם רב ר׳ יחזקאל. מיט איר איז געזעסן איר אַדיוטאַנט, גענעראַל פעלדמאַר־שאַל פאַלקענהיים, אַ ביטערער אַנטיסעמיט, האָט ער זיך אָנגערופן: — מאַיעסטעט, נישט אומזיסט טאַנצן די אידישע מיידלעך אַזוי שיין, זיי האָבן עס בירושה פון זייערע עלטערן, וואָס האָבן געטאַנצט אַרום דעם גאָלדענעם קאַלב. יאָ, יאָ — רופט זיך אָפּ דער רב — אמת, אָבער די אידן האָבן דאָס גאָלד נישט אַראָפּגעלאָזט צו זיך אין קעשענע. (מען האָט געזאָגט אויף דעם גענעראַל, אַז ער האָט גענומען גאָלד פון פּריי־סישן קעניג, ער זאָל פאַרקוקן די שלאַכט ביי פּרוסטיץ, צוליב וואָס די עסטרייכער האָבן דעמאָלט פאַרשפּילט די מלמה.) דער גענעראַל האָט שיער די נכפה געקריגן, הערנדיק דאָס.

ר׳ יחזקאל לאַנדא האָט איבערגעלאָזט דריי זין. דער לעצטער ר׳ יעקבקע, אַ גאון און אַ גביר אדיר, געוואוינט אין בראָד און האָט זיך

מתחתן געווען מיטן גביר און למדן ר׳ זלמן פּוזנער פון ווארשע. און זייער איניקל ר׳ זאַנוויל לאַנדא, אַ שיינער איד און גביר אין אָפּט, וואָס זיין טאָכטער איז געווען די שוויגער פונעם שרייבער פון די שורות.
צווישן די אַלע תקנות, וואָס ר׳ יחזקאל לאַנדא האָט אַרויסגעגעבן אין פּראָג איז געווען די, וואָס ער האָט צוזאַמענגערופן צו זיך אַלע אידישע שערערס און האָט ביי זיי גענומען תקיעת־כף נישט צו ראַזירן אַ אידישע באָרד. עס האָט זיך דאָך געפונען איינער אַ איד, אַ גביר, וואָס האָט זיך ראַזירט ביי אַ גויאישן שערער. דער רב האָט אים כסדר געוואָרנט, נאָר, ווי זאָגט די וועלט: „ער הערט אים ווי דעם רב״. מיט אַמאָל האָט מען דעם רב מודיע געווען, אַז דער גביר איז געשטאָרבן. דאַן האָט ר׳ יחזקאל לאַנדא באַפוילן דער חברה קדישא, אַז מען זאָל פאַר דער קבורק ברענגען דעם מת צום שול־הויף, און כך הוה. ווען מען האָט דעם מת אַראָפּגעלאָזט האָט דער רב געהייסן ברענגען אַ אידישן שערער און געהייסן דעם מת איינזייפן און אָפּראַזירן, ווייל אין דער צייט פון דער קרענק איז ביים גביר אָנגעוואקסן אַ באָרד און דער רב האָט נישט געוואָלט, אַז ער זאָל קומען אויף יענער וועלט מיט אַ באָרד... ווי נאָר דער שערער האָט אָפּ־ראַזירט דעם מת איז דער רב אַהיימגעגאַנגען. אָט אַזאַ ריז צווישן אידן האָט אָפּט אַרויסגעגעבן.
דער פאָטער, ר׳ יהודהלע לאַנדא, ליגט אויף דעם בית־החיים אין אָפּט, אין דער לינקער זייט ליגט די מוטער חילה און אין דער רעכטער זייט איז געשטאַנען ליידיק אַ קבר מער ווי 150 יאָר, ביז מען האָט דאָרט מקבר געווען ה״ה מרדכי יהודא זצ״ל, דעם זיידן פונעם שרייבער פון די שורות.

ר׳ יחזקאל לאַנדא האָט מחבר געווען שו״ת נודע ביהודא, אין צוויי טיילן און דאָס ריזיקע ספר ציון לנפשה חיה אויף גאַנץ ש״ס, „דגול מרבבה״ אויף דעם שלחן ערוך און נאָך אַ סך ספרים. דער באַקאַנטער רבי הרב ר׳ אברהם יהושע העשעל, באַקאַנט אונטערן נאָמען דער אָפּ־טער רב, וועלכער איז זייער שטאַרק באַליבט געווען אין אָפּט, און ווען ער איז פון דאָרט אַוועק קיין מעזשיבעזש האָט ער זיך אַליין געהייסן רופן אָפּטער רב, אַ זון פונעם ניישטעטער דיין ר׳ שמואל, אגב, ווי עס האָט מיר דערציילט זיין איניקל, דער באַזיליער רבי, איז דער דיין ר׳ שמואל געווען אַ גרויסער מתנגד. דער אָפּטער רב איז געווען באַקאַנט אַלס אַ גרויסער עסער. ווי ער אַליין האָט זיך פאַרענטפערט, איז ער אַמאָל, אין אַ גילגול, געווען אַ כהן גדול איז דער אַפּעטיט נאָך ביי אים געבליבן,

ווייל אַלס כהן גדול האָט ער געמוזט עסן אַ סך פון די קרבנות, וואָס עס איז געווען אַ גרויסע מצוה. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דערציילן שרעקלעכע און אוממעגלעכע גוזמאות, ממש שטוינענדע זאַכן, ווי אַ שטייגער, אַז ער האָט אויפגעשטעלט אַ בית־המדרש אין אַפּט און כדי צוצופירן קאַלך, זאַמד און ציגל, האָט מען געמוזט מאַכן אַ בריק פון אַ מיליאָן מייל די לענג און אַ האַלבן מייל די ברייט, און מען האָט פאַר־נוצט צום בנין צוויי מיליאָן פורן מיט ציגל, יעדער ציגל איז געווען אַ מייל די לענג און ברייט אאַ״וו אאַ״וו. אין אַפּט איז דעמאָלט געווען אַ גרויסער גביר און וואַלד־סוחר ר׳ נח, ר׳ ליבער וויינשענקערס אַן עלטער זיידע. הערנדיק אַמאָל דעם אַפּטער רב רעדן גוזמאות, האָט ער זיך אָנ־גערופן: רבי! אמת, אמת, — האָט זיך דער אַפּטער רב ראַפּטום אויפגע־שטעלט און מיט גרויס פאַרוואונדערונג געפרעגט: — ר׳ נח, פון וואַנען ווייסט איר עס... מען דערציילט נאָך פאַרשידענע גוזמאות פון אים, ווי אַ שטייגער: ווען דער אַפּטער רב איז אָנגעקומען קיין מעזשיבעזש איז ער געגאַנגען מקבל שלום זיין צום רבין ברוכל, דעם בעל־שם־טובס איי־ניקל. דער רבי ר׳ ברוכל האָט אים זייער שיין אויפגענומען און האָט אים מכבד געווען מיט לעקעך און בראָנפן. ווען דער אַפּטער רב האָט אויפ־געגעסן דעם גאַנצן לעקעך, פרעגט אים דער רר״ב: אַפּטער רב, נאָך? יאָ, איך וויל נאָך — ענטפערט דער אַפּטער רב. אַזוי אַרום האָט ער אויפ־געגעסן עטלעכע טעלער לעקעך און ווען ער האָט פאַרלאַנגט נאָך, האָט דער רר״ב געענטפערט: איך האָב צוגעגרייט פאַר מלאכים, נאָר נישט פאַר קיין שרפים. ווען דער רר״ב האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל עפּעס דערציילן, האָט אים דער אַפּטער רב דערציילט, אַז ווען ער האָט אויפ־געבויט זיין בית־מדרש אין אַפּט מיט 13 באַלקנס אין דער הויך, האָט מען יעדן באַלקן געמוזט ברענגען אויף 25 טויזנט פירן, און נאָך אַזעלכע גוזמאות. די זייטיקע מענטשן האָבן זיך קוים איינגעהאַלטן נישט אַרויס־צולאַכן, נאָר דער רר״ב איז געזעסן ערנסט און פאַרטיפט אין מחשבות מיט גרויס כוונה אויסגעהערט. ווען דער אַפּטער רב איז אַוועקגעגאַנגען, האָט דער רר״ב געזאָגט צום עולם: זייט איך לעב האָב איך נאָך נישט געזען אַ מענטש וואָס זאָל אַזוי „ווייניק״ עסן און אַזוי „ווייניק רעדן...

ווען דער רבי ר׳ מאירל האָט איבערגענומען דעם אַפּטער רבינס פּלאַץ, קומענדיק פון סטאָבניץ, וואו ער איז פריער געווען רב, און האָט דערזען דעם אַפּטער רבס בית המדרש, האָט ער זיך נישט געקענט איינהאַלטן און איז גלייך געפאָרן קיין מעזשיבעזש צום אַפּטער רב. אַריינקומענדיק

צו אים האָט דער אַפּטער רב אים גלייך געפרעגט: נייער אַפּטער רב, ווי געפעלט אייך מיין בית המדרש? און ער האָט גלייך אָנגעהויבן צו דערציילן זיינע גזמאות וועגן די מיליאָנען ציגל און פירן אא״וו. ווען ער איז אַרויס אַ פאַרמאַטערטער, האָבן אים די מקורבים געפרעגט, צי ער האָט עפּעס פאַרשטאַנען. ביז צו די פענצטער האָב איך עפּעס פאַרשטאַנען... — האָט געענטפערט דער רר״מ. דער רר״מ איז באַקאַנט אַלס גאון גדול בתורה און אַ גרויסער צדיק און קעגנער פונעם פּשיסכער און קאָצקער. ער האָט פּשוט געשאָלטן די חסידים זייערע... נאָך דעם רר״מ איז געווען זיין זון ר׳ פּנחסל, און דערנאָך ר׳ פּנחסלס זון, ר׳ יאַנקעלע דער שטענדיקער שבתדיקער רב. באַרימט איז געווען זיין טאָכטער רחלע, וואָס האָט געזאָגט פאַרן עולם תורה און דערציילט חסידישע מעשיות. נאָך אים איז געווען רב דער אויבנדערמאָנטער ר׳ צבי הירש פרידמאַן זצ״ל און דערנאָך זיין איידעם ר׳ חיים יוסף ב״ה אַ גרויסער למדן. צו לעצט איז געווען דעם בעלזער רבינס יינגסטער זון, ר׳ שלום רוקח, וואָס איז אומגעקומען דורך די היטלעריסטן ר׳ ינקום דמם.

צווישן די באַלעבאַטים פון אַפּט איז כדאי צו דערמאָנען ר׳ אפרים קאָפּעדס, אַ איד אַ גרויסער בן־תורה, אַן אַלטער קאָצקער חסיד, וואָס איז שטענדיק געווען אינעם רבס בית המדרש, וואו מען האָט צו יעדער צייט געהערט אַ וואָרט תורה, אפילו ביינאַכט. ר׳ משה יצחק, אַ לובלינער סוחר, אַ פּרוש, וואָס איז כסדר אַרומגעגאַנגען מיט פולע קעשענעס זאַמד צו באַשיטן דאָס שפּייעכץ אין בית המדרש און אויפגעקליבן זאָרג־פעליק די שמות אויף איין אָרט. ר׳ שמאי סופר, אַ שיינער איד, אַ גביר, וואָס איז שטענדיק געזעסן על התורה ועבודה, און זיין ווייב האָט געפירט אַ גרויס געשעפט פון שניט סחורה. ר׳ הירש אָרלאַנד (מען האָט אים גערופן „הירש קישקע״), וואָס האָט פאַרמאָגט שווערע הונדערטער טויזנטער רובל, און נישט האָבנדיק מער ווי איין טאָכטער, אַ שיינע און אַ געבילדעטע, איז ער נישט געלאָפן זוכן קיין דאָקטאָר פאַר איר, נאָר האָט זיך משדך געווען מיט אַ רבין, געמאַכט די חתונה ביים מחותן דעם רבין, מיט גרויס פּאַראַד, הגם ער איז געווען שרעקלעך קאַרג. ער האָט אַהיימגענומען דאָס אויסגעבאָלעטע איידעמל צו זיך קיין אַפּט, אָבער זעענדיק, אַז דער איידעם האַלט ווייניק פון תורה ועבודה, נאָר זיין גאַנצע עבודה איז נאָר פרעסן און שלאָפן, האָט ער אים, אָן חכמות, צוריקגשיקט צום זיידן דעם רבין און אַרויסגעקריגן אַ גט און גענומען אַ צווייטן טייערן מאַן פאַר זיין טאָכטער. מיין אַכטונג פאַר אים תנצב״ה

וזכרונו לברכה. ר׳ ברוך ר׳ דודל מלכהס, א איד א גביר און א גרויסער למדן מיט סמיכה אויף רבנות. דער ממלא מקום הרב אין קאזיאַנע זאכן, ווייל דער אלטער רב פרידמאן האט נישט געקענט קיין רוסיש, א חכם מחוכם, איינער אין גאנץ אפט, א גרויסער בקי אין ארכיטעקטור. ווען איינער פלעגט מאכן א פלאן ביים אפטער ארכיטעקט סלאווינסקי, איז ער דערנאך געגאנגען צו ר׳ ברוכן פרעגן צי דער פלאן איז גוט. זיין אנזען און דער גרויסער דרך ארץ צו אים קען מען זען פון פאלגענדן פאקט: ערב שבועת פון יאר 1911, איז אויפן גרויסן פלאץ פאר אלטער קאנדילס הויז געשטאנען דער אנטער קאנדיל און זיך געקריגט מיטן שכן אליעזר, א קעז־סוחר, היות פארוואס ער האט זיך אויפגעשטעלט א צוויי־שטאקיק הויז און דערמיט פארשטעלט דאס ליכט צו זיינע פענצטער. ארום זיי איז געשטאנען א גרויסער עולם. די גוואלטן זיינען געגאנגען עד לב השמים. דער אלטער קאנדיל איז א איד אן עקשן, א גרויסער גביר און א תקיף, נאר א פראסטער בשר ודם, און האט באין אופן נישט גע־וואלט נאכגעבן. מען האט גערופן ר׳ ברוכן ער זאל זיי אויסגלייכן. ווען ר׳ ברוכל איז אנגעקומען האט זיך דער עולם געשטעלט אין צוויי רייען מיט אזא אפשיי, פונקט ווי דער גובערנאטאר וואלט דורכגעגאנגען. אויף זיין פראגע, צו וואס האט מען מיך גערופן? האבןביידע באלעבאטים אוועקגעלייגט זייערע טענות ומענות (ר׳ ברוכל האט סיי־ווי אלץ גע־וואוסט). אויסהערנדיק ביידע האט ער געזאגט בלויז דריי ווערטער: א י ן ת ח ו מ י ן ל מ ע ל ה, ד"ה אין דער הייך קען מען נישט פארווערן וויפל צו בויען און איז זיך געגאנגען זיין וועג. אלטער קאנדיל דער תקיף איז געבליבן שטיין מיט אן אראפגעלאזטן קאפ און ווי מען וואלט אים אפגעגאסן מיט קאלט וואסער....

שטענדיק איז ביי ר׳ ברוכן די שטוב געווען פול מיט פארשידענע מענטשן: באלעבאטים, גבירים און פראסטע קבצנים. ווער נאך אן עצה, ווער געשעפטלעך און ווער נאך א ווארט תורה און חכמה. שטארק אויס־געגומען האט אין אפט ר׳ ברוכס יונגער איידעם. הרב הגאון הגדול ר׳ אלימלך בלומענפעלד, דיין ביים רב אין שטוב. ווען ער פלעגט זאגן א שיעור אדער לערנען פרק, פלעגט דאס בית המדרש זיין געפאקט, ס׳איז פשוט נישט געווען וואו צו שטיין. איך האב אים פערזענלעך נישט גע־קענט, נאר מענטשן וואס פלעגן אפט קומען פון אסטראווצע פלעגן וועגן אים דערציילן פיל גאונותקייט. דאס הארץ ווערט צערים, לייענענדיק זיינע בריוו פיל מיט טיפער תורה, וואס ער פלעגט צו מיר שרייבן וועגן

האַרבע שאלות. ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע דורך די היטלעריסטישע האָרדעס. ר׳ ברוך האָט געקענט אַלט זיין 72 יאָר; ער איז געווען דער עלטסטער ברודער פונעם שרייבער פון די שורות. אַ שיינער איד, אַ גביר און גרויסער חסיד איז געווען ר׳ לייביש ר׳ זאַנוולס, אַן איידעם פונעם אויבנדערמאָנטן זאַנוול לאַנדא. דאָס געלט האָט ביי אים קיין ווערט נישט געהאַט. איך האָב אַליין געזען, ווי יעדן מיטוואָך נאָכן יאַריד פלעגן אריינקומען אידן צו אים און זאָגן: ר׳ לייביש אַנטלייט מיר אַ גמילות חסד. פלעגט דער שווער ר׳ לייביש אויסטון די טאָרבע מיט געלט און זי אַוועקגעבן דעם לוה, ער זאָל זיך נעמען וויפל ער דאַרף. אַלט זייענדיק אַ 90־95 יאָר איז ער אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע.

אזעלכע באַלעבאַטים האָט פאַרמאָגט אַפּט.

צווישן די בעלי מלאכות אין אַפּט האָבן דאָס ערשטע פּלאַץ פאַר־נומען די טאַנדייט שניידער, דערנאָך די שוסטערס און צום לעצט די בערשטן־מאַכער. צווישן די בערשטן־מאַכער האָט זזיך אויסגעצייכנט אַ חשובער באַלעבאָס ר׳ יצחק לוקסענבערג, היינט אין ב. איירעס. עס זיי־נען אויך געווען סוחרים פון פאַרשידענע בראַנזשעס, ווי אין אַלע שטעט.

אין לעצטן יאָרהונדערט האָט מען שוין, ליידער, נישט געהערט אַזוי פיל תורה און לומדות אין אַפּט ווי אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער. די בתי מדרשים זיינען שוין געווען ליידיקלעך, בפרט דאָס אַלטע קלויז איז אינגאַנצן געווען ליידיק פון לומדים און די ריזיקע ביבליאָטעק איז געשטאַנען פאַריתומט און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל לערנען פון די אַלטע געשריבענע און געדרוקטע ספרים. ווען דער שרייבער פון די שורות פלעגט אַמאָל אריינקומען עפּעס נאָכזוכן אין די אַלטע ספררים, פלעגט עס זיין אַ וואונדער, בפרט ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַ־ניזירן פאַרשידענע אַרבעטער פאַרבאַנדן. די בונדיסטן זענען געווען אַ גרויסער כוח. ציוניסטן זיינען געווען וויניק. צולעצט האָט זיך אויך גע־שאַפן אַ שטאַרקע מזרחיסטישע אָרגאַניזאַציע און עס האָט זיך געגרינ־דעט די אגודת ישראל. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין קאָמוניסטן

די לאַגע אין אַפּט האָט זיך אַ סך געענדערט, ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק. שלעכט איז געוואָרן ווען גראַבסקי איז געווען דער מושל און זיין עגלה האָט געאַרבעט מעשים און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם־שטימונג. נאָך מיט הונדערטער יאָרן צוריק זיינען שוין פאָר־געקומען הריגות אין אַפּט. ס׳איז פאַרשריבן אין פּנקס, אַז אין יאָר 1648

האָבן אין אַפּט געבושעוועט כמעלניצקים באַנדעס, וואָס האָבן אָנגעמאַכט אַ שרעקלעכע שחיטה. עס זיינען אויך פאַרצייכנט הונדערטער קדושים פון דעמאָלט. אין יאָר 1657, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די רוסיש־שוועדישע מלחמה, האָבן די פּאָלאַקן געמאַכט אַ פּאָגראָם אין אַפּט. נאָר דאָס געהער שוין צו דער געשיכטע.

די טייערע, ליכטיקע שטאָט אַפּט מיט איר אויסערגעוויינלעכן היסטאָרישן בית־עלמין, פול מיט גרויסע וועלט־גאונים און מחברים פון די טייערסטע ספרים, די אַלטע קלויז און די גאָר אַלטע באַרימטע 900־יעריקע שול, אַלץ איז אָפּגעווישט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים בשותפות מיט די פוילישע און אוקרייאינישע מערדער.

ד׳ ינקום דמם ודם עבדיו.

משה ברוקירער

# זכרונות וועגן טאַרלע

מיין שטעטעלע טארלע האָט מען געגרינדעט דורך דער ערשטער אידישער אימיגראַציע אין פוילן אין 1236 יאָר. אין דער עפּאָכע האָבן די אידן פון דייטשלאַנד און עסטרייך אָנגעהויבן אוסוואנדערן, ווייל דאָרט האָט זך אָנגעהויבן אויסשפּרייטן דער אנטיסעמיטיזם צווישן דער דאָרטיקער באַפעלקערונג. אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אויס־שפּרייטן דער קריסטלעכער גלויבן, זיינען געוועזן אזעלכע, וועלכע האָבן געוואָלט פארפאָלגן די אידן, כדי זיי זאָלן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן. אין דער זעלבער צייט זיינען געקומען קיין פוילן קריסטלעכע רעדנער פון איטאליע, צו פּראָפּאגאנדירן די קריסטלעכע רעליגיע. זיי האָבן אויפגעשטעלט פיל קלויסטערס אין פוילן. אויך אין טארלע האָבן זיי אויפגעשטעלט א קלויסטער, וועלכער עקזיסטירט נאָך היינט.

אויך די אידן פון יענער צייט האָבן אויפגעשטעלט א שול און א בית המדרש. די שול איז אָפּגעברענט געוואָרן אין דער קריגסצייט פון 1914—1918 דורך די צארישע רוסן. דער דאך און די פענצטער זיינען פאַרברענט געוואָרן, נאָר די ווענט זיינען געבליבן, ווי די מויערן פון א פעסטונג. דער בית המדרש איז געוועזן געבויט אין א טאָל און עס איז געוועזן אין אים ווייניק ליכט און לופט. האָט די טארלער קהילה אין 1926 יאָר אים איבערגעבויט אויף א העכערן באָדן, אז עס זאָל זיין מער ליכט און לופט. עס זיינען געוועזן אידן, טארלער באַלעבאַטים, וועלכע האָבן נישט געוואָלט מסכים זיין, אז מען זאָל איבערבויען דעם בית המדרש, זיי האָבן דערקלערט, אז דאָרט האָבן געלערנט לומדים און גאונים, קענען מיר זיך נישט דערלויבן, אז מיר זאָלן אים צעוואַרפן און איבער־

בויען, כדי מיר זאָלן מאכן פאר זיך באקוועם. אָבער עס האָט נישט גע־האָלפן זייער ריידן. מען האָט איבערגעבויט, אז עס זאָל זיין ליכטיקער און לופטיקער צום דאווענען און לערנען. אויך איז געווען אן אלטער אידישער בית הקברות, אויף וועלכן מען האָט געבראכט לקבורה עטלעכע שפאנישע אידן, וועלכע זיינען געקומען נאָך טארלע אין יאָר ה׳ אלפים ות״ח׳ אין שפאניע האָט דעמאָלט געהערשט דער קעניג קארלאָס דער ערשטער, וועלכער האָט געוואָלט מאכן פון אלע שפאנישע איינוואוינער קריסטן. האָט ער ארויסגעגעבן א באפעל, אז יעדער מענטש, וועלכער וואוינט אין שפאניע וועט נישט איבערנעמען דעם קריסטלעכן גלויבן, זאָל מען טויטן. האָבן שפאנישע אידן אָנגעהויבן אויסוואנדערן, און זיי זיינען געקומען קיין טארלע.

דעמאָלט איז אין טארלע געווען א וויכטיקע קהילה, וועלכע האָט זיי אויפגענומען און געגעבן שטיצע. צווישן זיי איז אויך געקו־מען דער באוואוסטער למדן און משכיל ר׳ גוטמאן, וועגן וועלכן מען האָט דערציילט א לעגענדע, אז ער האָט איבערגעלאָזט א צוואה, אז מען זאָל נישט צוגיין צו זיין קבר אין די פיר איילן. עס איז נישט באקאנט וויפל יאָרן די שפאנישע אידן האָבן געלעבט אין טארלע, נאָר דאָס איז באוואוסט, אז זיי האָבן געלעבט און געשטאָרבן אין טארלע.

אויף דער זייט פון טארלע נאָך אָזשאראָוו איז פאראן א געגנט, וועלכע מען האָט גערופן וואלקא. דאָרט האָט מען אויפגעשטעלט א מאָ־נומענט פאר דעם פוילישן מארשאל יאָזעף פילסודסקי אין יאָר 1938, דאָס זאָל דינען אלס דענקמאָל אויף דעם אָרט, וואו דער מארשאל יאָזעף פילסודסקי איז געקומען אין 1905 צו אָרגאניזירן א באוועגונג פאר דער באפרייאונג פון פוילן פון צארישן רוסלאנד. אויף דעם דענקמאָל איז געווען אויסגעמאָלט דאָס בילד פון פילסודסקין.

ארום דעם שטעטל טארלע זיינען פאראן א סך וועלדער, וואו קראנקע היילן זיך פון אסטמא. עס איז געווען א דאטשע פאר פיל איינוואוינער פון טארלע, און געסט וועלכע פלעגן קומען קיין טארלע אויך פון אנדערע שטעט. די וויכטיקסטע וועלדער זיינען געווען דער בזשעזאווער, פאָטאָצ־קער און די דעמבראָווקא. דאָרט זיינען געקומען א סך פון דער טארלער יוגנט צו פארברענגען. מען האָט געשפילט און געטאנצט, געלייענט צייטונגען און ביכער, מען האָט דיסקוטירט וועגן פארשידענע פראָבלע־מען, אממערסטן אין די טעג פון שבת און זונטיק, אויך אין די ימים־

טובים, ווען די אידן האָבן נישט געאַרבעט, האָט מען פאַרבראַכט אין די וועלדער.

אַרום דעם שטעטל טאַרלע זיינען געווען גוטבאַזיצער אין די דער־פער, וועלכע האָבן געהאַט גרויסע שטחים באָדן צו אַקערן און אויך וועל־דער. עס זיינען געווען רייכע און אָרימע פּויערים. זיי האָבן געהאַט בהמות און עופות, וועלכע זיי האָבן געבאַדעט פאַר זיך און צו פאַרקויפן. די ערד איז געווען זייער אַ גוטע. עס זיינען געווען אַ סך טייכן אַרום דעם שטעטל, וועלכע האָבן געדינט פאַר וואַסער־מילן, מען האָט אַרויס־גענומען פון זיי אַ סך פיש.

אַכט קילאָמעטער פון דעם שטעטל, אין דאָרף צישיצא, לויפט דורך דער ווייסל, וועלכער איז דער גרעסטער טייך פון פּוילן. אויף די פלאַכע ערטער פון וואַסער האָט מען זיך געבאָדן אין די הייסע צייטן און מען האָט געכאַפּט פיש. אויך האָט די ווייסל געדינט צו אריבערפירן סחורות קיין וואַרשע און אַנדערע שטעט ביי דעם ווייסל ברעג. דאָס איז נאָר גע־ווען אין זומער־צייט, ווען די ווייסל איז נישט געווען פאַרפרוירן. דאָס שטעטל טאַרלע איז באַלויכטן געוואָרן דורך אַ קאָמפּאַניע, וואָס האָט אויפגעשטעלט אַן עלעקטרישע סטאַנציע אין זאַגאָדע נעבן ראַדאָם, וואָס האָט צוגעשטעלט עלעקטרישן שטראָם פאַר טאַרלע און די אַרומיקע שטעטלעך. דאָס איז געשען אין יאָר 1937. עס האָט אויך עקזיסטירט אַ קאָמוניקאַציע־פאַרקער פון אָמניבוסן דורך טאַרלע און די אַרומיקע שטעטלעך קיין ראַדאָם. קיין באַן־סטאַנציע האָט טאַרלע נישט געהאַט. אין שטאָט זיינען געווען צוויי אָנפאַנגס־שולן פון זיבן קלאַסן, פון וועלכע מען איז איבערגעגאַנגען שטודירן אין אַ מיטל־שולע קיין סאַלעץ, די נאָענטסטע שטאָט פון טאַרלע.

די קריסטן אין שטאָט זיינען געווען אַ מינדערהייט. זיי האָבן זיך צעטיילט אין צוויי באַזונדערע גלויבנס: אַ רוימיש־קאַטוילישן און אַ פאָלקס־גלויבן. מען האָט דאָס גערופן פאָלקס־גלויבן, ווייל די פאָלקס־גלחים האָבן געפּרעדיקט אין דער פּוילישער שפּראַך. דער פאָלקס־גלויבן איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1934 אין טאַרלע.ביידע צדדים האָבן געקעמפט צווישן זיך. מען פלעגט איינער דעם אַנדערן אונטערצינדן די קלויסטערס, אַזוי פלעגן עטלעכע מאָל אין וואָך פאָרקומען אַזעלכע שרפות. דאָס האָט אַזוי לאַנג אָנגעהאַלטן, ביז דער קאָמיסאַר האָט געמאַכט אָרדענונג און די פאָלקס־גלויביקע האָבן אויפגעבויט פאַר זיך אַ פאָלקס־קירכע און אַ צעמענטעריום אין טאַרלע. פון דאַנען האָט זיך דער פאָלקס־גלויבן פאַר־

שפרייט אין די אַרומיקע שטעטלעך מיט דעם צענטער אין טאַרלע.

אין צענטער פון שטעטל האָבן געוואוינט ביי די 300 אידישע פאַמי־ליעס, אַ 1.000 פּערזאָן. אַזאַ צאָל איז געווען ביז 1939. ווי עס איז באַוואוסט איז מיט אַ סך יאָרן צוריק די אידישע באַפעלקערונג געווען אַ גרעסערע. די ערשטע אידישע קהילה האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1236, זי איז באַשטאַנען פון אידישע אימיגראַנטן, וועלכע זיינען געקו־מען פון דייטשלאַנד און נאָך לאַנגע וואַנדערונגען זיך באַזעצט אין טאַר־לע. געגוי די צאָל וויפל זיי זיינען געווען ווייסט מען נישט, אָבער מען ווייסט, אַז עס זיינען געווען גרויסע און קליינע קהילות. דאָס שטעטל האָט זיך נישט געקענט גוט אַנטוויקלען, ווייל אַ סך מאָל איז עס פאַר־ברענט געוואָרן דורך אַנטיסעמיטן, און פיל מאָל פאַרניכטעט געוואָרן אין צייט פון מלחמה, ווייל דאָס שטעטל איז געווען אַ וויכטיקע פּאָזיציע. אַ סך איינוואוינער זיינען זיך צעלאָפן און אַ סך זיינען אויס־געשטאָרבן פון עפּידעמיעס.

עס איז באַוואוסט, אַז אין 1898 איז אין טאַרלע אויסגעבראָכן אַ גרויסע שרפה, וואָס האָט פאַרניכטעט אַ גרויסע טייל פון שטעטל. ווי באַוואוסט איז טאַרלע געווען אַ מקום תורה, עס האָבן עקזיסטירט פיל ישיבות, ס׳זיינען געווען פיל לומדים, משכילים און גאונים. דער דאָר־טיקער רב איז געווען מחבר פון עטלעכע ספרים.

אין שטעטל טאַרלע זיינען געווען צוויי סאָרטן סוחרים: אייניקע האָבן געהאַט געשעפטן און אַנדערע האָבן געהאַנדלט אויף די ירידים. עס זיינען אויך געווען פיל באַלמעלאָכעס, ווי שניידער, שוסטערס, סטאָ־ליערס און אַנדערע. טייל האָבן געאַרבעט אויף באַשטעלונג און טייל פאַר די ירידים. עס זיינען געווען פאַרמעגלעכע, מיטלמעסיקע און אָרימע. ביז דעם יאָר 1930 האָבן די אידן געפירט דעם האַנדל און געאַרבעט נאָר־מאָל, אָבער שפּעטער האָבן די קריסטן אויפגעשטעלט אויפן שטאָט־מאַרק אַ פּאָלקס־הויז, וואו מען האָט פאַרקויפט פאַרשידענע סחורות, און עס זיינען אויך אַנטשטאַנען קריסטלעכע פאַבלייט. אויך דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך פאַרשטאַרקט און מען האָט געפירט פּראָפּאַגאַנדע צו אַרבעטן און צו קויפן נאָר ביי קריסטן.

דער אַנטיסעמיטיזם איז דאָ אָבער געווען שוואַכער ווי אין אַנדערע שטעט, ווייל די קריסטן האָבן צווישן זיך נישט געלעבט בשלום צוליב זייערע צוויי גלויבנס, און דאָס האָט זיי נישט געבראַנגט צום אחדות אין קאַמף קעגן די אידן. דאָך האָבן אַ סך אידן עמיגרירט קיין אַמעריקע

און קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן געהאַלטן, אַז מער קענען זיי אין טאַרלע נישט זיין.

אָנהויב 1920 זיינען אין טאַרלע אויפגעקומען פאַרשידענע פּאַרטייען. דער „בונד" האָט געהאַט אַן אייגענע ביבליאָטעק, וואו עס זיינען געקומען רעדנער פון פאַרשידענע שטעט, אויפצוקלערן די אידישע מאַסן. עס זיינען אויך געווען אַנדערע פּאַרטייען ווי: חלוץ, ציוניסטן, הנוער הציוני, אגודת ישראל, מזרחי, בנות יעקב. דער חלוץ האָט איינגעאָרדנט אין טאַרלע אַ הכשרה, וועלכע איז באַלד אונטערגעגאַנגען, ווייל די יוגנט איז געפאָרן אין דער הכשרה פון אַנדערע שטעט.

אין טאַרלע זיינען אויך געווען הילפס־אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן געהאָלפן נויטבאַדערפטיקע פון שטאָט און אויך פרעמדע. דערביי וויל איך דערמאנען מיינע עלטערן אהרן־יעקב און מרים ברוקירער, וועלכע האָבן געהאָלפן פאַרשידענע פאַראָרימטע אין טאַרלע מיט געלט, כדי זיי זאָלן זיך קענען איינאָרדענען. דאָס זיינען נישט געווען קיין טאַרלער געבוירענע, נאָר אריינגעקומענע פון אַנדערע שטעטלעך.

דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז דעם יאָר 1941, ווען די נאַצי־פאַשיסטן האָבן צוזאַמענגענומען די טאַרלער אידן מיט זייערע פרויען און קינדער און געשיקט אין די גאַז־קאַמערן פון מאַידאַנעק, ביי לובלין.

זאָל דאָס אויבנגעשריבענע דינען אַלס דענקמאָל פאַר דעם כלל־ישראל זיך צו דערמאָנען פון לעבן פון דער טאַרלער אידישער באַפעל־קערונג און זייער טראַגישן סוף.

ל. גרינשפּאַנהאָלץ

# אָזשאַראָוו

פאַר דער מלחמה האָט די אַלגעמיינע באַפעלקערונג פון אָזשאַראָוו געציילט בערך 15.000 פאַמיליעס, פון זיי זיינען 12.000 געווען אידן. אַזוי אַרום איז אָזשאַראָוו געווען אַ אידיש שטאָט. ביזן היט־לעריזם איז ווייניק וואָס געווען צו מערקן אַנטיסעמיטיזם אין שטאָט, ווייל די קלענערע צאָל קריסטן האָבן זיך אויסגעלעבט צווישן אידן, האָבן געהאַנדלט מיט זיי, געאַרבעט מיט זיי א. א. וו.

לעבנדיק אין אַ אידישער סביבה האָבן פיל פון די קריסטלעכע שכנים גערעדט אידיש און האָבן ליב געהאַט צו עסן אידישע מאכלים.

אָזשאַראָוו איז נישט געווען קיין אינדוסטריעלע שטאָט. די באַ־פעלקערונג האָט געלעבט אויסשליסלעך פון קליינהאַנדל און האַנטווער־קעריי. אַלץ האָט זיך געשטיצט אויף די יאַרידים אין אָזשאַראָוו, אָדער אין די שטעט און שטעטלעך פון אַרום. אַזוי צ. ב., ווען עס איז נישט געווען קיין יאַריד איז אָזשאַראָוו, איז געווען אין זאַוויכאָסט, אין ראַכיוו (אַנאָפּאָל), אָדער אין אָפּט, אָסטראָווצע, ליפּסק א. א. וו. דאָס הייסט, אַז דער האַנדל אין שטאָט האָט הויפּטזעכלעך זיך געשטיצט אויף די יאַרידים.

די שטאָט האָט אויך פאַרמאָגט צוויי גרויסע מילן. אַדאַנק דעם זיי־נען דאָרט צוגעפירט געוואָרן די תבואות פון די אַרומיקע מקומות צו מאָלן און פון דאַנען פלעגן אָוועקגעשיקט ווערן טראַנספּאָרטן מעל קיין אויסלאַנד. מען פלעגט אויך שיקן עופות, פלייש און פרוכטן קיין וואַר־שע. 4 קילאָמעטער פון שטאָט האָט זיך געפונען דאָס דאָרף לאָשיצין, אין וועלכן עס האָבן געוואוינט ביי די 50 אידישע פאַמיליעס, פון וועלכע זיבעציק פּראָצענט האָט זיך פאַרנומען מיט פאַשען גענדז פאַר עקספּאָרט.

א סך אידן פלעגן דינגען סעדער ביי די גויים. עס פלעגט טרעפן, אז אידן האָבן געדונגען סעדער אין ווינטער, ווען אַלץ איז געווען באַדעקט מיט שניי, און ווען אַ איד איז אפילו נישט געווען קיין מבין אין אַזאַ פאַל, פלעגט דער גוי אים אויך נישט אָפּנאַרן.

אידן פלעגן אויך פירן פאַרשידענע מסחרים מיט די פּריצים פון אַרום, האַנדלענדיק מיט תבואות און בהמות.

אין ווישפינטעוו, נעבן אָזשאַראָוו, איז געווען אַ גאָזשעלנע פון בראָנפן, איז זי אויך געווען אין אידישע הענט.



ציוניסטישע גרופּע אין אָזשאַראָוו

די אידישע יוגנט האָט אָנגעהויבן זיך אויסלעבן געזעלשאַפטלעך און אידעאיש ערשט אונטער דער פּוילישער זעלבסטשטענדיקייט, שאַפנדיק פאַרשידענע אידעאישע גרופּירונגען, וועלכע פלעגן אַראָפּברענגען רעדנער פון אַנדערע וויכטיקערע צענטערן.

קיין טעאַטער און קינאָ האָט אָזשאַראָוו נישט פאַרמאָגט, פלעגן זיך שאַפן דראַמקרייזן, אָדער עס פלעגן קומען דראַמקרייזן פון די נאָענטע שטעט און זיי פלעגן אויספירן טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין דער שאָפּע

פון די פייערלעשער. שפּעטער האָט אַ קריסט אויסגעבויט אַ סאַלאָן, אין וועלכן מען פלעגט עטלעכע מאָל אין דער וואָך געבן קינאָ־פאָרשטע־לונגען און רעפעראַטן.

די אידיש יוגנט פלעגט נאָר זוכן צו עמיגרירן קיין פאַריז אָדער אַמעריקע, לעצטנס אויך קיין ארץ־ישראל. די וואָס האָבן געשטרעבט קיין ארץ־ישראל האָבן געשאַפן אַ הכשרה.

אין די אידישע חדרים, און טייל פון זיי האָבן זיך גענומען „מאָ־דערניזירן", האָט מען אויך געלערנט פּויליש, ווייל אַ סך עלטערן פלעגן נישט געבן שיקן זייערע קינדער אין דער פּוילישער שול. אויך מיין פאָטער האָט מיך נישט געוואָלט שיקן אין דער „גויאישער שקאָלע"... אַזוי אַרום האָבן די אידישע קינדער זיך גענומען באַקענען מיט אַביסל „דרויסנדיקע" וועלטלעכקייט און מיט דער פּוילישער געשיכטע. עס איז אָבער אויך געווען אַ היפּשע צאָל „לערנער", וועלכע פלעגן, ווי מען זאָגט, „יומם ולילה זיצן און לערנען"...

די שטאָט האָט געהאַט געוויסע טיפּן, וועלכע האָבן זיך מער אַרויס־געזען ווי אַ יעדער דורכשניטלעכער בשר ודם. אַזאַ פּערזאָן איז געווען צ. ב. ש. חיים־מאיר האָ. „האָ" — איז אַ צונאָמען אַזאַ. און נישט זיכער מיט די ביינער איז געווען דער, וואָס האָט געוואַגט אים אָנצורופן מיטן דאָזיקן נאָמען. ער איז געווען די צווייטע האַנט ביים רבין ר' כאַסקעלע, און דאָס האָט ער געהאַלטן פאַר אַ גרויסע זכיה... אַ חוץ דעם איז ער געווען שמש, וואָס וואָלט אויך געמעגט הייסן „ראש הקהל", ווייל די גאַנצע שטאָט איז געווען אויף זיין קאָפּ. ער האָט געוואוסט גענוי אויף וועלכן פּלאַץ עס געפינט זיך דער קבר פון דעם אָדער יענעם איד, מעגן די מצבות שוין זיין אינגאַנצן אָפּגעמעקט. ער פלעגט שרייבן בריוו צו אַזשאַראָווער אידן קיין אַמעריקע, דערמאָנענדיק זיי ווען ס'איז דער יאָרצייט נאָך אַ פאָטער אָדער אַ מוטער א. א. וו. פאַרשטייט זיך, אַז דערפאַר פלעגט דער דערמאָנטער אים באַלוינען. ער איז נישט געווען פויל אין אַ יאָרצייט נאָך וועמען אַליין קדיש זאָגן, אַ „מלא" מאַכן און אַליין באַזאָרגן לעקעך און בראָנפן.

אַזוי פלעגט ער אויך האַנדלען בעת אַ שמחה, ספּעציעל ווען עס איז געווען אַ שמחה ביי אַן אָרימאַן. אין אַזאַ פאַל פלעגט ער באַזאָרגן דאָס נויטיקסטע, דער עקיר עס זאָל זיין צו מאַכן אַ „לחיים", און דער־נאָך פלעגט ער, לויט זיין איינזען, באַשטייערן די וואָס האָבן געקענט באַצאָלן, וועמען מיט אַ זלאָטע און וועמען מיט צוויי זלאָטעס... און

אַז חיים־מאיר האָט געהייסן באַצאָלן, האָט מען געצאָלט, ווייל יעדער האָט געוואוסט, אַז ער זאָגט, איז עס הייליק. אַזוי האָט אויך נישט גע־פעלט זיין זאָרג אין אַן אומגליקס־פאַל.

אַזאַ מענטש איז זיכער ווערט צום גוטן דערמאָנט צו ווערן!

⁂

ז. באַומשטיין

# ליפּע באומשטיין

לזכרון טוב מיין זיידן ליפּע באַומשטיין,
באקאנט מ. נ. „ליפּע אַסטראָווקער".

מיט דעם וויל איך איבערגעבן אייניקע איבערלעבונגען און עפּיזאָדן פון מיין זיידן ע"ה, ווי איך האָב זיי געזען און באַנומען.

אין יאָר 1914, ביים אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה בין איך אַלט געווען אינגאַנצן אַכט יאָר. אַ ס ט ר אָ וו ק ע, וואו מיין זיידע האָט געוואוינט, ד. ה. הינטער דער שטאָט אַסטראָווצע, איז געווען א קריסטלעכע געגנט. זיין הויז איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן הויף, וועל־כער האָט געציילט איבער צוואַנציק צימערן. דאָרט האָבן געוואוינט מיין זיידע און זיינע קינדער און נאָך צוגעהעריקע צו דער פאַמיליע.

איך האָב איבערגעלעבט דעמאָלט עמאָציאָנירנדיקע מאָמענטן. בעת די רוסן האָבן אָפּגעטרעטן, האָט מיין זיידע אָפּגעקויפט ביי זיי די גע־ראַבעוועטע ספרי־תורות און אידישע ביכער. די איידלקייט אין כאַראַק־טער האָב איך אין דעם מאָמענט דערקענט פון מיין זיידן. און דאָס האָט פאַר מיר געעפנט מיינע אויגן פאַר די ווייטערע געשעענישן אין אונדזער אידישן לעבן.

נאָכדעם ווי דאָס עסטרייכישע מיליטער איז געווען א קורצע צייט אין שטאָט, האָט זיך עס צוריקגעצויגן. אַנטלויפנדיק פאַר די רוסן האָבן זיי אונטערגעצונדן די בריק, וואָס האָט פאַרבונדן אונדזער געגנט מיט אַסטראָווצע, האָבן מיטגענומען דעם נאַפט פון זיידנס געשעפט.

ווען די רוסן זיינען צוריקגעקומען, האָט מען מיין זיידן געמסרט,

אז ער האָט פארקויפט אָדער געגעבן נאפט די עסטרייכער. מ׳האָט אים ארעסטירט און אים געוואָלט הענגען; אָבער די קריסטן פון שטאָט און דאָרף האָבן זיך איינגעשטעלט, בעטנדיק ביים קאָמאנדענט פאר זיין באפרייאונג. די סטרוזשקע פונעם הויף איז געלאָפן צום קאָמענדאנט, אים געפאלן צו די פיס און געבעטן רחמים פאר מיין זיידן. דער סוף איז געווען, אז מען האָט אים באפרייט.

אין אייניקע מאָנאטן שפּעטער זיינען די רוסן ווידעראמאָל אָפּגע־טרעטן. אין זעלבן טאָג האָט אין מיין זיידנס געשעפט, וועלכעס האָט



שמואל באמשטיין — פירער פון דער ערש־טער ציוניסטישער אָרג. אין אָסטראָווצע

עוזר באמשטיין — ציוניסטישער פירער אין אָסטראָווצע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

זיך געפונען אין פראָנט פון הויז, אָנגעצונדן דער נאפט־סקלאַד. דאָס פייער האָט אַרומגענומען כמעט דאָס גאנצע געשעפט. דער איינציקער קרבן פון דער שרפה איז געווען ליפּע וואלערשטיינס זון, וועלכער האָט זיך פונקט געפונען אין געשעפט. דערוויסנדיק זיך פון דעם, האָט מיין פעטער יעקב זיך אריינגעריסן דורכן פייער, נישט קוקנדיק אויף דער גרויסער געפאר, און האָט באוויזן ארויסצוראטעווען ליפּעס זון פונעם

פייער. (ליפּע וואַלערשטיין געפינט זיך היינט אין טשילע און מיין פעטער יעקב באומשטיין — אין פּאַראַגוויי).

פאַרלאָזנדיק צוריק די שטאָט, האָבן די רוסן געוואָלט מיטנעמען פאַר אַ משכן מיין זיידן, אָדער מיין פאָטער חיים־לייב, אַזוי ווי מיין פאָטער איז געלעגן קראַנק, האָבן זיי געוואָלט נעמען איינעם פון מיינע פעטערס. דער נאַטשאַלניק האָט געשיקט רופן מיין זיידן, וועלכער האָט זיך געהאַט באַהאַלטן. די עלטסטע טאָכטער מרים איז געגאַנגען אין דער קאָמענדאַנטור און אויף דער פראַגע, וואו דער זיידע געפינט זיך — האָט



אַ גרופּע אָסטראָווצער אידן וואַרטן אָפּ ביים באַן דאָס אָנקומען פונעם קוזמירער רבין, צווישן זיי געפינט זיך קיווע ראָסעט, הענעך ראָזנמאַן, שולמאַן און ליפּע באַומשטיין.

זי געענטפערט, אַז זי ווייסט נישט, האָט מען זי אַרעסטירט. אַן אָפּ־טיילונג מיליטער איז געקומען אין שטוב זוכן דעם זיידן. זיי האָבן גע־טראָפן די באָבע ליגנדיק אויף אַ קאַנאַפּע, אין וועלכער עס זיינען גע־ווען באַהאַלטן ספרי־תורות. זי האָט געוויינט און געבעטן ביי די רוסן זיי זאָלן גאָרנישט רירן, ווייל דאָס זיינען הייליקייטן; אָבער עס האָט גאָר־נישט געהאָלפן. אחוץ דעם וואָס זיי האָבן ראַבירט, האָבן זיי מיטגענומען



די לאַנדסלייט פון אָסטראָווצע און די אַרומיקע ישובים בעת דער הזכרה נאָך די קדושים
ביים דענקמאָל אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ — (בוענאָס־איירעס), - חשבון - 1949

די באבע מיטן פעטער, וואָס איז געשטאַנען אין דרויסן מיט א פּאר־בונדענער האנט (פּארוואונדעט פון דער שרפה) און זיינען אוועק. דער הויף איז געבליבן ליידיק. איך בין געלאָפן אין מאגיסטראט און געטראָפן דאָרט די באָבען הינטער קראטן. דערזעענדיק מיך, האָט די באָבע מיך צוגערופן און מיר אָנגעזאָגט כ׳זאָל אָפּהיטן דאָס קינד, וואָס איז אינ־גאַנצן אַלט געווען דרעיי יאָר. עטלעכע שעה שפּעטער האָב איך געזען צוויי וועגענער באגלייט פון קאָזאקן, אויף וועלכע זיי האָבן אוועקגעפירט די באָבע, די מומע און דעם פעטער יעקב. איך בין זיי נאָכגעלאָפן און געשריגן ביז כ׳בין מיר געוואָרן. טרויעריק האָב איך זיך אומגעקערט צוריק אהיים. מיין פעטער שמואל איז זיי נאָכגעפאָרן זוכנדיק זיי צו ראטעווען אָבער ער האָט גאָרנישט געקענט אויפטון.

אויף צו מאָרגנס זיינען ווידער אָנגעקומען די עסטרייכער. דער הויף און דער סקלאד זיינען באזעצט געוואָרן מיט מיליטער.

אין א קורצער צייט ארום זיינען אָנגעקומען אנטלאָפענע היימלאָזע אידן פון די רוסישע געביטן. מיין זיידע האָט פאר זיי איינגעאָרדנט א קיך אין דער זייפן־פאבריק.

עס איז געוואָרן שטיל. מיין זיידע האָט זיך פארנומען מיט אלערליי געשעפטן, ארומפאָרנדיק אין פארשידענע שטעט. די מאכט, זיך דער־וויסנדיק דערפון, האָט אלעמען ארעסטירט און אוועקגעשיקט קיין אפּט. נאָך אכט מאָנאטן ארעסט איז מיין זיידע באפרייט געוואָרן. פאר גרויס פרייד האָט מען געמאכט א שמחה פאר אלע אידן אין שטאָט — אָרים און רייך. נאָך גרעסער איז געווען די פרייד, ווען מיט פיר אָדער פינף מאָנאטן שפּעטער, האָט מיין זיידע דערהאלטן א בריוו פון מיין באָבע, אַז אלע געפינען זיך אין מינסק אויף דער פריי. זייער באפרייאונג איז געקומען נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע. שנעל האָבן זיי זיך אומגע־קערט אהיים.

מיין זיידע ליפּע, האָט געפירט אַ שיין אידיש לעבן, האָט געגעבן צדקה מיט אַ ברייטער האנט. אינטערעסאנט איז, אז נאָענט פאר זיין טויט, האָט ער איבערגעלאָזט א צוואה, אז מען זאָל געבן פערציק טויזנט זלאָטעס אויף צו דערגענצן דעם געמויערטן פּארקאַן ארום דעם בית־עולם און צוואנציק טויזנט זלאָטעס אויף אַ היים פאר ישיבה־בחורים.

זאָלן מיינע זכרונות דינען נישט נאָר פאר מיינע לאנדסלייט, נאָר פאר די אלע וואָס האָבן געקענט ר׳ ל י פּ ע א ָ ס ט ר אָ ו ו ק ע ר און זיינען היינט צעשפּרייט איבער דער גרויסער וועלט.

# אַזוי זיינען זיי געווען
# און אַזוי האָבן זיי געלעבט

**י. אָפּאַטאָשו**

# דער אַסטראָווצער

(דערציילונג)

דער אַסטראָווצער רבי האָט „באַארבעט די טבע". ער האָט געפּייניקט דעם גוף, אים אויסגעהונגערט. און נישט קיין חדשים, נישט קיין יאָרן האָט ער אָפּגעריכט תעניתים. דאָס האָט ביי אים אָנגעהאַלטן א האַלבן יאָרהונדערט. אין די אָוונטן פלעגט ער עפּעס איבערכאַפּן, אבי צו דערהאַלטן די נשמה. און אַזוי פון שבת צו שבת. פון א איד א גבר, וואָס האָט יונגערהייט ביים פאָטער אין דער בעקעריי געקענט פאַרקנעטן, איינער אַליין, א געבעקס ברויט, איז איצט קיין זכר נישט געבליבן. די פּלייצעס, די הענט, די פּיס — אַלץ איז קלענער געוואָרן, אַלץ איז איינגעפאַלן. אפילו ס'בערדל, וואָס איז אמאָל געווען רויט, האָט איצט אינגאַנצן קיין קאָליר נישט געהאַט. ס'בערדל איז געוואַקסן שיטער און בלויז אַרום דער גאָמבע.

דעם רבין האָט מען נישט געקענט דערוואַרעמען. פון קעלט איז ער גאַנצע טעג געלעגן אין בעט. אויף די אויסגעדאַרטע פּיס — פוטערנע זאָקן, אויף די טרוקענע הענט — פוטערנע הענטשקעס. אויף דער קעלט, אויף דער אויסערלעכער, וואָס ס'לייב איז ביי אים קאַלט, האָט ער זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט . ער האָט אָבער יאָ שטאַרק געליטן, וואָס ס'איז אים קאַלט אויף דער נשמה, וואָס ער איז נישט קיין בר־אבהן". איז דאָך דער פאָטער זיינער געווען א בעקער, איז דאָך דער זיידע זיינער געווען א בעקער, וואַלטן זיי כאָטש געווען „תהילים־אידן", איז דאָס אויך נישט. מען האָט זיך אויפגעכאַפּט מיטן שפּראַץ אויפן טאָג. זיך אָפּגעגאָסן די נעגל, געזאָגט א פּאָר אידישע ווערטער און צו דער ארבעט מיט פאַרקאַשערטע ארבל, פאַרזאָרגט א שטעטל אידן מיט זעמל, מיט לאַבנס ברויט, געהאָלפן שטאָפּן דעם חומר, די לעבעדיקע מאָגנס. דער־

פאר האָט דער אָסטראָווצער רבי אָפּגעריכט תעניתים אַ האַלב יאָרהונדערט. געוואָלט אָפּגעוואוינען דעם מאָגן פון עסן, געוואָלט דערמיט ארויס־שלעפן דעם זיידן, דעם טאַטן פון כומריעס, געוואָלט זיי דערהייבן צו



דער וועלט־באַרימטער אָסטראָווצער צדיק הרב ר' מאיר־יחיאל הלוי האַלשטאָק

אַ העכערער מדרגה. דאָס האָבן געוואוסט דעם אָסטראָווצערס מקורבים, די לייב־חסידים, וואָס זיינען נישט אָפּגעטראָטן פון אים.

צווישן די לייב־חסידים האָט פּנחסל פאַרנומען דעם אויבנאָן. ער איז גראָד געווען אַ גבר אַ יונגערמאַן, אַ הויכער, ברייט אין די פּלייצעס, ברייט אין געזעס. די האָר — שוואַרץ, די גרויסע אויגן, תאבה־אויגן — שוואַרץ, און ס'ציירדענע בערדל — שוואַרץ ווי פּעך. די ליפּן — רויט, ווי זיי וואָלטן נאָר וואָס טועם געווען אַ געבראָטנס.

אָן פּנחסלען האָט דער רבי זיך נישט גערירט פון אָרט. דאָ האָט פּנחסל געדאַוונט פאַרן עמוד, דאָ — געלייענט די תורה, דאָ — געזאָגט מיט אַ ברען אַ שטיק זוהר. דאָס אַלץ האָט ער'געטון פאַרן רבין. דער רבי האָט, דאַכט זיך, צו קיין זאַך זיך נישט צוגעהערט. פון טיפער עלטער, פון גרוים שוואַכקייט, איז ער געלעגן איינגעטוליעט אין קאָלדרעס און געדרעמלט. פון מאָל צו מאָל האָט ער זיך אַ וועק געטון, צעעפנט די קליינע גרויע אויגן, טרויעריקע אויגן, וואָס געזעגענען זיך מיט דער וועלט. פּנחס האָט זיך אַ בויג געטון איבערן רבין, אים אנטקעגן־געטראָגן די רויטע תאוה־ליפּן:

— האַ?

— הערסט, פּנחסל, ווי לאַנג דער מענטש לעבט דאַרף ער באַאַרבעטן די טבע, דאַרף אָפּגעוואוינען די „קיילע פון עסן"...

פּנחסל האָט דאָס געוואוסט. ער האָט געוואוסט, אַז דער רבי האַלט אין איין אָפּגעוואוינען די „כלי", האַלט אין איין „באַארבעטן די טבע". ער האָט אויך געוואוסט, אַז דער רבי דרימלט שוין ווידער.

צו זעקס־און־זיבעציק יאָר איז דער אָסטראָווצער איינגאַנצן געווען פאַרביי, האָט שוין גאָר קיין כוח נישט געהאַט.

פּנחסל האָט געטון זיינס. ער איז זעלטן אויסגעקומען מיטן טאָג. דאָ האָט ער געדאַוונט, דאָ — געלערנט, דאָ — געזאָגט חסידות. און אַלץ האָט ער געטון מיט אַ ברען, ווי ער וואָלט איבערן קאָפּ געזעסן אין דער עבודה, וואָלט געהאָלפן דעם רבין זיך אויסטון פון חומר. און אַז פּנחסל דער קנאַפּער למדן, מיט די רויטע ליפּן, מיט די תאוה־אויגן, איז געשטאַנען איבערן אָסטראָווצער, האָט ער נישט אויסגעזען ווי דעם רבינס אַ לייב־מענטש, נאָר ווי די סיטרא־אחרא וואָלט חוזק געמאַכט פונעם אָסטראָווצער.

דערפאַר האָט הענעך הריף, אַליין אַ גרויסער בעל־תענית, אַ פּאַסטער, איינגעלייגט וועלטן, ער האָט געזוכט עצות דער רבי זאָל אויפהערן פאַסטן, זאָל זיך אַליין נישט אומברענגען פון דער וועלט. הענעך האָט נישט ליב געהאַט פּנחסן. ער האָט אים פיינט געהאַט. וואָס פאַרא

האפט האָט פּנחסעס נגינה, ווען דאָס קול זיינס וואָרצלט אין דער תאוה, פּירט צו מרידה. און אויב פּנחס איז דעם רבינס יצר־הרע, איז ער — הענעך, דער יצר־טוב.

און הענעך, דער יצר־טוב, האָט צוגערעדט דעם רבין ער זאָל נישט האַלטן קיין ברוגז מיט גער. אין דעם סכסוך איז גערעכט דער אָסטראָווער, נישט דער גערער. טאַקע דערפאַר דאַרף דער רבי פאַרבייגיין זיינס, דאַרף ווייזן דער וועלט, אַז דער אָסטראָווצער קען בייקומען די גאוה, קען זי מבזה זיין. אַזוי האָט הענעך גערעדט. אין דער אמתן האָט ער געהאָפט, אַז ווי נאָר זיי וועלן זיך באַקענען, וועט דער גערער פּועלן ביים אָסטראָווצער ער זאָל אויפהערן פאַסטן.

פּנחסל האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט — אַזוי און אַזוי — אַזאַ נסיעה, קאָטשן, באַנען, און דער רבי איז אַ חלוש, אַ גרויסער חלוש.

דאָס מאָל האָט הענעך חריף אויסגעפירט. דער אָסטראָווצער האָט צו זעקס־און־זיבעציק יאָר איינגעוויליקט צו פאָרן קיין גער.

וואו אַ שטאָט, וואו אַ שטעטל, גאַנץ קרוין־פּוילן האָט אַ סך דער־וואַרט פון דער באַגעגעניש.

אָסטראָווצער חסידים האָבן אָפּגעדונגען אַ באַזונדערן וואַגאָן, וואו דער רבי איז געלעגן אויף אַן אויסגעבעט געלעגער. אויף די פיס — פוטערנע זאָקן, אויף די הענט — פוטערנע הענטשקעס, און אינגאַנצן האָט ער אויסגעזען ווי אַ יונג בחורל נאָך אַ פאַרשלעפּטער קרענק. צוקאָפּנס איז געזעסן פּנחסל. ער האָט געשיילט אַ פּאָמעראַנץ, געלייגט די פּעניצלעך זיך אין מויל אַריין און אונטערגעברומט אַ ניגון. צופוסנס דעם רבין איז געזעסן הענעך — דאַר און בייז, ווי אַ הונגעריקער וואָלף. ער האָט אויף שטום־לשון געטריבן די חסידים, וואָס זיינען געשטאַנען פוןביידע זייטן אַריינגאַנג קאָפּ אויף קאָפּ.

אין גער האָט מען זיך געריכט אויפן אָסטראָווצער. הענעכס „מענטשן” זיינען שוין געווען אין גערער הויף, זיי האָבן געבעטן דעם גערער רבין ער זאָל זיך באַמיען, אַז עס זאָל נעמען אַ סוף צו די תעניתים, אַנדערש איז דער אָסטראָווצער פאַרביי.

דער גערער האָט צוגעזאָגט.

גאַנץ גער האָט זיך געלאָזט צו דער באַן, איז געגאַנגען מקבל־פּנים זיין דעם אָסטראָווצער. די שענסטע גערער חסידים האָבן אַריינגעזעצט דעם אָסטראָווצער אין אַ פּלושענעם פאָטעל, אים געטראָגן מיט געזאַנג אין הויף אַריין. אַטלעסענע פּאָלעס זיינען זיך צעפלויגן ביז די גע־

פלאָכטענע גאַרטלען. ס'האָט געבלאַנקט מיט טליתקטנס, מיט ווייסע זאָקן, מיט געלאָקטע פּאות. אַ חסיד, „קרוע?בלוע", האָט זיך דורכגע־ריסן צווישן די אַטלעסענע קאַפּאָטעס און זיך צעשריען דעם רבין אין פּנים אַריין:

„— — — אוי, ס'איז טאַקע נצח ישראל!"

פון הויף איז מען אַנטקעגנגעגאַנגען דעם אָסטראָווצער מיט זיבן־רעריקע ליכטער. די בלייכע ליכט־פלאַמלעך האָבן זיך געשפּיגלט אינעם אַטלעס. אויף אַפּריער האָט געשפּרייזט דער גערער רבי, געשפּרייזט מיט גרוים פרייד, געשפּרייזט צום אָסטראָווצער.

— שלום־עליכם, אָסטראָווצער רבי.

— שלום־עליכם, גערער רבי.

דער אָסטראָווצער האָט אויסגעטון די פוטערנע הענטשקעס און דערלאַנגט אַ הענטל, ווי אַ קינד. ביידע האָבן זיך אַ ווייל אָנגעקוקט. דעם אָסטראָווצערס האַנט איז געווען קליין און קאַלט. דעם גערערס — פולע און וואַרעם. דער אָסטראָווצער האָט פון תענוג אַזש פאַרמאַכט די אויגן און שטיל געזאָגט:

— ס'איז מיר, לא עליכם קאַלט.

— מען זאָגט — האָט דער גערער אָנגעהויבן — אַז דער אָסטראָוו־צער רבי פּייניקט זיך צו פיל, עסט נישט... דער „שפת־אמת האָט עס נישט געטון, דער חדושי הרי"ם האָט עס נישט געטון, און דער קאָצקער האָט עס אויך נישט געטון...

— און איך, דער אָסטראָווצער, זאָג, אַז מען קען באַאַרבעטן די טבע, אַז גלייכער אָפּצוגעוואוינען די כלי פון עסן.

— פּיקוח־נפש איז וויכטיקער ווי תענות, ס'איז דוחה אַ תענית...

— אייך, גערער רבי, איז גוט — האָט דער אָסטראָווצער אַריינ־געשטעקט דעם גערער ביידע קאַלטע הענט, זיך געוואַרעמט אָן אים, ווי אַ געפרוירן קינד וואַרעמט זיך אָן אַ מוטער — איר, גערער רבי, האָט „זכות אבות". ס'איז דאָ אַ פּאָדפּאָרע, אַן אָנלען — דער "שפת אמת" איז אַ זיידע, דער „חדושי הרי"ם" איז אַן עלטער־זיידע און דער קאָצקער איז אַ פעטער. און אַז דער טאַטע איז אַ בעקער, דער זיידע אַ בעקער און פון אַן עלטער־זיידן ווייס איך שוין אינגאַנצן נישט, דאַרף אַזאַ איד, ווי איך, באַאַרבעטן די טבע, דאַרף אָפּגעוואוינען די „כלי". האַ? וואָס זאָגט איר, גערער רבי? וואָס שווייגט איר?

די לעצטע ווערטער האָט דער אָסטראָווצער אַרויסגעזאָגט שוין גאָר

נישט ווי קיין חלוש, אז איר ווילט, אפילו מיט רוגזה. אויפן הויף איז געווען שטיל. דער עולם, א צונויפגעפרעסטער, איז געשטאַנען א פאַר־גאַפטער, מויל און אויערן אָפן. און ווי אַלע האָבן געוואַרט אויפן געדערם תשובה, האָט הענעך „חריף" זיך אַרויסגערוקט אין זיין קרוע־בלוע היי־לעך. ער האָט א צי געטון דעם לאַנגן האַלדז, פאַריסן דעם קאָפּ און זיך גיכער צעוואָיעט, ווי צעשריען:

— אַסטראָווצער רבי, ווי לאַנג וועט איר נאָך אַזוי מבזה זיין א לייבלעכן טאַטן?

די שטילקייט אויפן הויף איז געוואָרן טיפער, שווערער, די שטיל־קייט וואָס הענגט צווישן איין דונער און א צווייטן. פון ענגשאַפט האָבן זיך די ליכט געלאָשן. דער געדערער האָט א הויב געטון די באָרד, ווי ער וואָלט זיך געקליבן פאַרשטעלן די אויגן. דער אַסטראָווצער האָט זיך צעוויינט.

* * *

חיים גאָלדזאַץ

# אַ גרויסע זכיה

(עטיוד)

אַסטראָווצע! אַלטע אידישע שטאָט, וואו ס'האָבן געלעבט אונדזערע עלטער זיידעס, וואו מען האָט געזיפצט ביי אונדזערע וויגלעך דעם גרויסן אידישן גלות־צער, מיר שטייען פאַר דיר שוויינגנדיקע, ווי אונדזערע מאַמעס, מיט איינגעוויקלטע קוויטלעך, ביי קברים פון צדיקים און מיר שרייען נישט, פונקט ווי זיי האָבן נישט געשריגן, נאָר טיף אין זיי איז געווען אַ הייליק געבעט, יעדער אבר אין זיי האָט געפיבערט מיט אַ ממעקים קרתיך, מיר טראָגן דיך אין אונדזער טיף. מיר טראָגן די בילדער, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין אונדז, ווען מיר זיינען קינדער געווען. יעדער זעט, נאַטירלעך, זיין היים: טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברי־דער, קרובים, דאגות פרנסה; דאָס איז דער טיפער חותם, וואָס מיר טראָגן אין אונדזערע נשמות און מיר וועלן זיי אַזוי דערטראָגן ביזן סוף פון אונדזערע טעג.

ווען מיר זאָגן אַסטראָווצער, דאַן צערינט דאָס פערזענלעכע און עס וואַקסט אוים פאַר אונדז די גאַנצע אידישע שטאָט. מיר זעען אירע געסלעך, די באַרגיק־טאַליקע, ווי אין נידעריקע שטיבער זיצן שניידער־געזעלן און זינגען אַרבעטער־לידער; שוסטער־וואַרשטאַטן, סטאָלערייען, עס שטייט דער מאַרק, ווען ס'האָט זיך אויף אים געטומלט יאַרידיש, ווען אַסטראָווצער אידן האָבן געווימלט צווישן פויערשע פורן, ווער עס האָט געקויפט עופות, ווער תבואה, ווער ס'האָט גערופן אַ פויער צו זיך אין שטוב, פאַרקויפן אים אַן אַנצוג, אַ פּאָר הויזן, און ווער ס'איז גע־

שטאַנען אין מאַרק און אויסגעפּאַטשט די פריערשע דלאָניעס, צו פאַר־דינען די פּאָר זלאָטעס שבת צו מאַכן. און עס שטייט פאַר אונדז דער זעלבער מאַרק, אַן אויסגעפּוצטער, אַ שבת־יום־טובדיקער, ריין רחבותדיק, ווי ער וואָלט דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט, וואָס מען האָט פון אים די שווערע שטעלן אַראָפּגענומען.

די געוועלבער אויף אַלע פיר צאַלן זיינען צוגעמאַכט. ס׳איז שאַ־שטיל! פרייטיק־צו־נאַכטס. ליכט־פלעמלעך צאַפּלען אין אַלע פענצטער. ביי געדעקטע טישן זיצן טאַטעס און קינדער און נגינים פון זמירות רייסן זיך דורך די פענצטער אין די שטילע גאַסן אַרויס. זאָרגלאָזע, אויסגעפּוצטע, קומט די יוגנט אין גאַס אַרויס, אַ טייל שפּאַצירן אויף מענדל־פישס־צאַל, אַ טייל גייען אין זייערע פּאַרטיי־לאָקאַלן. אָסטראָוו־צער יוגנט האָט געטרוימט, געבענקט: ווער נאָך אַ אידישער גאולה, און ווער נאָך אַ וועלט־דערלייזונג. נישטאָ מער קיין חלומות אין אונדזער שטאָט, ווייל ס׳איז נישטאָ ווער ס׳זאָל חלומען! אָסטראָווצע, פּונקט ווי אַנדערע אידישע שטעט און שטעטלעך, איז חרוב געוואָרן. מיר זיינען די לעצטע! ווי פּיינלעך ס׳זאָל נישט זיין, מוזן מיר איבערזאָגן: די לעצטע, וואָס טראָגן אין זיך דאָס אידישע לעבן, וואָס האָט געווימלט אין אונדזערע גאַסן און געסלעך. עס איז איבערגעריסן געוואָרן דער אומזעבאַרער רויטער פאָדים, וואָס האָט זיך געצויגן פון דער שטאָט צו אירע זין און טעכטער, וואָס זיינען זיך צעפאָרן איבער דער גאָרער וועלט און צוריק. צוריק צו דער היים־שטאָט, וואו מיר זיינען געבוירן. אַ שמחה אין שטאָט, — אַלץ פרייט זיך מיט; אַ טרויער — אַלע טרויערן מיט! מיר האָבן זיך געוואַרעמט אין די יונגע יאָרן אין אונדזערע שטאָ־טישע קעמפער, וועגן וועלכע מען האָט אַזוי פיל דערציילט. איך גע־דענק, ווען כ׳האָב געהערט רעדן וועגן איציק בערגער, איז ער אויס־געוואַקסן אין מיין דמיון ווי אַ שטורמישע נאַטור, אַ צעפלאַמטער שטייט ער און רעדט צו אַרבעטער־מאַסן, וועקט זיי צום קאַמף פאַר אַ שענער און בעסער לעבן. די שטאָט האָט נישט געוואָלט, אַז איר זון זאָל פאַרגעסן ווערן. נאָך אַ זון, אַ יונג־פאַרשטאָרבענער פון אָסטראָווצע — כיל פייערשטיין. טילנע, זאַטילנע וואָלטן מיט אַ האַסטיקן אָטעם צעטראָגן די ידיעה איבער דער שטאָט — כיל פייערשטיין איז געשטאָרבן! אַרבעטער וואָלטן זיך אָנדערציילט וועגן דער פּיין וואָס דער געשטאָר־בענער איז אויסגעשטאַנען אין די פּוילישע תפיסות, ס׳וואָלטן אויפ־

געשווימען זכרונות. נישטאָ מער קיינער! דער פּאָדים איז איבערגעריסן! אָסטראָווצע איז חרוב געוואָרן!

מיר, אָסטראָווצער, וועלכע האָבן פאַרלאָזט אונדזער שטאָט, זיך געלאָזט איבער דער גאָרער וועלט, האָבן געוואַרעמט איז זיך די היים־בילדער. זיי זיינען געווען אונדזער אָפּרו אין טעג מידע און טרויעריקע. דורך זיי האָבן מיר דערפילט, אַז מיר געהערן צו עמיצן, אַז מיר האָבן אַן אָנשפּאַר, אַ וויזיאָנערישן, אָבער דאָך אַן אָנשפּאַר. פלעגט אויפטויכן אין אונדזער דמיון זומערדיקע שבתים. דער הימל אַ טיף בלויער, די זון וואַרפט סנאָפּעס ליכט אויפן ברייטן קיניוווער שאָסיי, וואו די יוגנט גייט אין גרעסערע און אין קלענערע גרופּעס צום סאָסנאָוון וואַלד, זינגען לידער, טייל דיסקוטירן, אַנדערע מיט צעעפנטע ביכער. יינגלעך, מיידלעך שמייכלען צו זיך, זונדערן זיך אָפּ, מען פירט ליבעס. און דער וואַלד שטייט מיט זיינע הויכע סאָסנע־קרוינען צעגרינטע, נעמט אין זיך אַריין פיל הונדערטער מענטשן, וואָס אָטעמען איין זיין מחיהדיקן ריח, קילט די צעפּאַרעטע גופים אין שאָטן פון זיינע טויזנטער ביימער, און הויך קלינגט אָפּ דער עכאָ פון דער קוקאַווקע: קו־קו! קו־קו! און די קינדערלעך, צעפלאַטערטע ענטפערן אָפּ: קוקו! קוקו! אַזוי, ביז די נאַכט פאַלט צו. עס וואַקסט אויס פאַר אונדז די אַלטע הילצערנע שול, בתי־מדרשים, פון וואַנען עס פלעגן זיך הערן נגינים פון אידישע לערנער, קולות פון אידן תהילים־זאָגער, וואָס האָבן נעבעך נישט פאַרשטאַנען דאָס געזאָגטע און דאָך זיינען זייערע צעקנייטשטע פנימער פון דער גאַנצער וואָך שווערע פּראַצע עפּעס ווי לויטער געוואָרן. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן אָנשפּאַר. זייער אל רחמים איז מיט זיי. ער וועט זיי דערהערן און עס האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער זיי אַזאַ דערהויבנקייט, אַ שבת־קודשדיקייט — די מנוחה, שיינקייט.

אָט זעען מיר אַ איד אין געאייל, מיטאַמאָל ער האָט זיך פאַרטשעפּעט הינטערן פענצטער פונעם אַלטן בית־המדרש — נאַקדישאָך...

וויפל מאָל פלעגן מיר אין אונדזערע צעצונדענע האַלוצינאַציעס גיין אויף קבר־אבות. מיר פלעגן גיין מיט דער זאַטילנע גאַס ביזן סוף זיך פאַרנעמען לינקס, דורכגיין דורכן סטעלמאַך, וואו ס'ליגן רעדער פון וואָגנס, אַלטע, פאַראָכטענע, נייע, נאָכהער דורכגיין ס'ערשטע טויער גיין אַביסל באַרגיק אַרויף, וואו ס'פלעגט שטיין ר' דודל דער מצבה־קריצער און זיין פאַרטון אין זיין אַרבעט פון אויסהאַקן אין שטיין טויט־מאָנומענטן. אַ יונגער מענטש — האָט ר' דודל אויסגעהאַקט אַן איבערגעהאַקטן בוים,

א סימבאָל פון אַ פאַרשניטן לעבן; ס'איז געבליבן פיר קינדער — אַ צווייג מיט פיר עפּעלעך. אַזוי פלעגט ר' דודל שטיין, פאַרזשמורעט די אויגן און קינצלען מיט זיין דלאָטע. מיר שפּאַנען דורכן צווייטן טויער, רעכטס — אוהל ליפּסקער רבי, ביי דער רעכטער זייט, זיין איידעם ר' מענדעלע, ביי דער לינקער זייט — זיין זון ר' אברהם חיים. אוהל אָס־טראָווצער רבי ר' מאיר יחיל הלוי. קברים פון זיידעס, טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער, ברידער, קרובים, פריינט, באַקאַנטע! נישטאָ מער קיין קברים — חרוב געוואָרן! די ביינער פון אונדזערע אָבות זיינען פאַר־לאָזט! און אויב די עטלעכע לעבנגעבליבענע וועלן אוועק, וועט מער קיינער נישט באַוויינען זייערע קברים, אויסער אַ ווינט, וואָס וועט זיך צעוואָיען. קיינער וועט זיי מער נישט דערמאָנען אויסער מיר, און ווען מיר וועלן אוועק פון דער וועלט, וועט צוזאַמען מיט אונדז זייער געדע־כעניש פאַרשווינדן, ווייל אונדזערע קינדער וועלן קוים הערן אַן אָפּ־קלאַנג פונעם אַמאָליקן שטעטל אָסטראָווצע. עס רייסט זיך אין אונדז אַן אינערלעך געשריי, פונקט ווי עס האָבן געשריגן אונדזערע שוועסטער און ברידער, די אָסטראָווצער קדושים, צוזאַמען מיט די קדושים פון די אַרומיקע שטעטלעך, אין טרויעריקן האַרבסט פון טויזנט ניינהונדערט צוויי און פערציק. דער הימל איז דעם טאָג געווען פאַרצויגן מיט גע־דיכטע שוואַרצע כמאַרעס, פון אַלע זייטן מאַרק אַ יאָמערלעך געוויין. אויף דער ערד אידן אין טליתים. דערשאָסענע. עס ווילט זיך שרייען — נאָר שריי!

שריי! ווייל קיין טרייסט וועט פון ערגעץ נישט קומען
ווייל אַלץ איז פאַרשאָטן ביז גאָר
שריי! ווייל אין אונדזערע שטעטלעך די פרומע
איז שווייגיק געוואָרן אַ דור.
שריי! כאָטש מען ווייסט נישט צו וועמען, פאַר וועמען,
כאָטש לעבן איז גאָר שוין נישט ווערט
שריי! אַז דאָס אומגליק זאָל ווערגן און קלעמען
און אָפּסמען אַלץ אויף דער ערד!

און מיר מוזן אַריינגעמען אין זיך דעם צער פונעם דיכטער, וואָס האָט געזען דעם צאָרן זיך אויסגיסן פון די נאַצי־בעסטיעס אויף אונ־דזערע היימישע שטעטלדיקע אידן. מיר מאַכן אזכרות, זאָגן קדיש נאָך אונדזערע ברידער און שוועסטער, וואָס דורך אונדז לעבן זיי אויף עס לעבן אין אונדז די היימישע „פּראָסטע" אידן, וואָס האָבן אַזוי

שיין זיך צעטענצלט שמחת־תורהדיק ביי די הקפות. מיר זעען זייערע צעשיינטע פנימער, די פריידיקע, גרענעצלאָזער התלהבות; מיר זעען שטילע אידן מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן, מיט א ציטער אין זייערע הערצער, ווען זיי זיינען עוזר־דלמדיק נאָכגעגאַנגען דעם חזן; מיר זעען אונדזערע אויסגעהאָרעוועטע מאַמעס, שוועסטער, וואָס האָבן אַזוי גאָטספאָרכטיק געשיקט הייסע קושן צו דער תורה; מיר לעבן זיי אויף אין אונדזער געדעכעניש. מיר ווען זיי דערמאָנען! א גרויסע זכיה פאַר א שטאָט, מיט שלעכטע שכנים אין איר, וואָס האָבן געהאָלפן די רוצחים אין זייערע בלוטיקע מעשים קעגן אַלט־איינגעזעסענע אידן, דערמאָנט צו ווערן, געוואָרעמט צו ווערן אין די הערצער פון אירע זין און טעכ־טער אויף דער גאָרער וועלט.

אויך מיר, די דערמאָנער אירע, האָבן א גרויסע, גרויסע זכיה!

חיים גאָלדזאַץ

# אַ שטום געבעט

(דערציילונג)

די שטאָט אָסטראָווצע טובלט זיך אין לבנה־ליכט. דער הימל איז געדיכט באַזעצט מיט פינקלענדיקע שטערן, ס׳איז שטיל. פון צייט צו צייט ווערט די שטילקייט איבערגעריסן מיטן קרייען פון די הענער. איינגעדרייט ליגט אויף זיין בעט איטשע מזיק און עס נעמט אים נישט דער שלאָף. זיין געהער איז אָנגעשפּיצט, כאַפּט אויף יעדן שאָרך, וואָס קומט פון דרויסן. עפּעס הערט ער אַ מורמלען, אַ ברומען, וואָס קומט צו אים פון דער אלטער הילצערנער שול, וואָס איז אנטקעגן זיין שטוב. אפשר איז עס אַ ווינטל אָדער גאָר מתים... ווייל, ווי מען דערציילט, איז די אַלטע שול פול מיט טויטע ביינאכט דערפאר, ווייל עס זיינען נישט פאראן קיין מזוזות ביים אַריינגאנג. זיי שוועבן אום, די טויטע, דאווענען, לייענען די תורה פון נאָך צוועלף ביינאכט, ביז די הענער נעמען קרייען... איטשע איז האסטיק, און נישט אָן שרעק, אראָפּ פונעם בעט, זיך אַ וואקל געטון און געבליבן שטיין אַ רגע צוויי, דערטאפּט די בלעכענע שעפּ, אָפּגעגאָסן די נעגל און שטיל געגומען ברומען אַ פארגרייזטן מודה־אני.

אַ קיל ווינטל האָט איטשען מחיהדיק געבלאָזן אינעם פּנים, אים אויפגעפרישט. פון הינטער די צו גרויסע געדיכטע ברעמען האָבן זיינע אויגן געבלאָנדזשעט פון אלע זייטן און עפּעס א מורה איז אים באַפאַלן. די פענצטער פון דער שול האָבן פינצטערע געקוקט צו זיין באלקאָן, וואָס פירט מיט עטלעכע טרעפּ אראָפּ צו דער גאס און ביי זיך

אין דער טיף האָט ער געברומט: שמע ישראל און מיט אימפּעט גע־נומען לויפן אראָפּ פון די שטיגן.

די הייזער פון אַר.ם, אַ טייל פאַרשאָטנטע און אַ טייל באַזילבערטע פון דער גאַנצער לבנה, זיינען געשטאַנען סודותדיק, פאַרזונקענע. פון ערגעץ האָט זיך נישט באַוויזן קיין לעבעדיקער נפש. מיט אַן איינגע־האַלטענעם אָטעם האָט ער זיך געלאָזט באַרגיק אויף אַראָפּ, וואו ס'איז געשטאַנען אַ ווייס־געקאַלכטע וואַנט מיט צוויי קיילעכדיקע געוועלבן, וואָס האָבן געפירט אין שול־הויף אַריין. אַריינקומענדיק אין שול־הויף איז די מורה פון איטשען אויסגערונען געוואָרן, ווייל אַ ליכטיקייט האָט זיך פאַרשפּרייט דורך די פענצטער פונעם אַלטן בית־המדרש און ס'האָט זיך געהערט אַ זיס קול תורה מיט אַ ציענדיקן ניגון.

די שווערע מאַסיווע טיר האָט זיך אַ צעפּראַל געטון און אַ זויער־לעכער ריח האָט איטשען אַ ווייע געטון אינעם פּנים, אַז ס'האָט אים אַזש אָטעם פאַרפּעלט. די געדיכטע, דעמפּיקע לופט, וואָס איז געהאַנגען אינעם בית־המדרש האָט זיך גענומען פון די שלאָפנדיקע אידן הינטערן גרויסן קאַכל־אויוון. אידן הייזער־גייער, וואָס זיינען געקומען פון פאַר־שידענע מקומות.

ס'בית־המדרש איז נאָך געווען ליידיק. ביים גרויסן טיש, אַנטקעגן דער טיר, זיינען געזעסן עטלעכע בחורים און געלערנט. באַלד זיינען אַריינגעקומען נאָך עטלעכע יונגעלייט, זיך געזעצט צו אַ צווייטן טיש, אָנגעצונדן ליכט און זיך גענומען וויגן איבער שווערע גרויסע גמרות. אויף די ווענט זיינען אויסגעוואַקסן זייערע גרויסע שאָטנס, צעוויגטע אַזש ביז איבערן סופיט. אייניקע האָבן געבראָמט אַ ניגון; אַנדערע זיינען געזעסן אומבאַוועגלעכע, געבלאָנדזשעט מיט די בליקן אין די גמרות, זיך געמוטשעט. איטשע איז יעדע פּאָר מינוט געשטאַנען ביי אַ צווייטן לערנער, אים געקוקט אין פּנים, מקנא געווען, וואָס זיי קענען אַ סך און ווייסן אַלץ...

הינטער דער גרויסער הילצערנער שול, ביי דעם שטיקל וואַנט, וואָס ציט זיך איבער דער גאַנצער לענג פונעם באַרג, וואָס פירט צו דער מקוה, איז געשטאַנען איטשע און געגאַפט ווייט, וואו הימל און ערד קומען זיך צוזאַמען, און געטראַכט איין זאַך: וואָס אַזוינס טו איך, איטשע, אויף גאָטס וועלט? כ'האָב אַ ווייב, זין, טעכטער — אַלע קיין עין־הרע געזונט; נאָר איין זאַך האָט געהאַמערט זיין מוח, וואָס האָט

אים געמאכט אויפציטערן — יענע וועלט... די צווייטע וועלט האָט אים נישט געלאָזט רוען...

עפּעס האָט ער געהערט, אז ס'זיינען פאראן ל"ו צדיקים, מענטשן פארבאָרגענע, וואָס קענען זיין שוסטערס, שניידערס, באַלעגאָלעס, וואָס די גאנצע וועלט האלט זיך אויף זיי, ווייל ווען נישט די ל"ו וואָלט חלילה קיין זכר פון גאָרנישט געבליבן. איטשע האָט פארגלאָצט די אויגן צום הימל געבליבן שטיין איין שטיק צווייפל און ס'האָט זיך ביי אים אין הארצן גענומען צאַפּלען אַן אפשר? — אפשר טאַקע אני איטשע... — האָט עפּעס פריידיקס גענומען גלעטן זיין הארץ, אז ס'איז צעגאנגען אי־בערן גאנצן לייב־און־לעבן און פון זיך אליין האָבן די הענט זיך פארלייגט אויף הינטן, ווי אידן וואָס זיינען פארנומען מיט שווערע רעיונות... האָט ער גענומען גיין מיט די הילצערנע שטיגן אויף אראָפּ, נאכהער זיך פאר־נומען לינקס. אז ער איז צוגעקומען צום בריקל פון דער מיל, איז ער שטיין געבליבן, זיך צוגעקוקט ווי ס'וואסער שוימט און ס'שארגעט.

די זאנגען אויפן פעלד שטייען געבויגענע מיט פולע שווערע קעפּ און כוואַליען זיך גין־גאָלדיק אנטקעגן דער זון. א טייערער ריח טראָגט זיך פונעם פעלד. דער הויכער קוימען פון דער ציגעלניע שטייט ווי אן אויסגעשריי. ביי איטשען ווערט עפּעס געבוירן. זיין גאנצער גוף פלאַ־טערט אויף און ער גיט אַ געשריי, ווי נישט מיט זיין קול: שבת־קודש, לשון־קודש.

ווי אַ קינד פרייט זיך מיט אַ שפּילצייג, אזוי האָט איטשע זיך גע־פרייט מיט זיין נייעם באנעם, מיט זיין אָפּמאך מיט זיך אליין: שבת וועט ער קיין אנדער לשון נישט ריידן אויסער לשון־קודש; אין קאלטע ווינטער־שבתים אכטונג געבן, אַז דער אויוון אין בית־המדרש זאָל זיין גוט געהייצט; זומער וועט ער ברענגען קאלטע קובלעס וואסער אידן זאָלן זיך דערקוויקן זייערע הערצער און ער וועט זיין צווישן אידן לער־נער, הערן תורה. אָן ווערטער האָט ווער אין אים געשריען: פיין איטשע, טייער! גאָטעניו, פּאָטער אין הימל!

אידן גייען פון בתי־מדרשים, פון דער שול, פון שטיבלעך. ס'ציען עדות אידן און פון אלע זייטן הערט זיך: גוט־שבת, גוט־שבת! אָסטראָוו־צער גאסן זיינען אויפגערוימט. פון פענצטער צאַפּלען זיך שבת־ליכט. די שכונה רוט איבער יעדן הויז. איטשע, ווי תמיד, איז אריין אין זיין שטוב מיט א — שבת־טוב. ס'ווייב אָנגעטון אין א רביצן־קופּקע, מיט ציטער־שפּילקעס און פּערל, האָט עפּעס נישט אויפגענומען דעם שבת־

טוב ווי אַן ענדערונג אין איר מאַנס לעבן. גיכער האָט זיך איר אויס־געוויזן, אַז זי האָט עפּעס פאַרהערט... ווייל שטענדיק נאָכן גוט־שבת, האָט ער עפּעס געפרעגט, געזאָגט אַ פּאָר ווערטער. נאָר באַלד איז איר עפּעס קלאָר געוואָרן פאַר וועלכן זי האָט זיך דערשראָקן. איר מאַן אַנ־שטאָט צו ריידן, שטאַמלט עפּעס, ווי איינער וואָס פאַרלירט ס'לאָשן.

שבת־קודש, לשון־קודש! — האָט ער אַ געשריי געטון, זעענדיק ווי אַלע שטייען און קוקן אויף אים מיט צעשראָקענע אויגן, ווי ער וואָלט חסר־דעה געוועזן. — נו, נו — קידוש — האָט ער געוויזן אויפן ווייַן. אַלע האָבן קידוש געמאַכט און ס'האָט געווייעט איבער אַלץ און אַלעמען מיט מוראדיקער שטילקייט, ווי ס'וואָלט געוועזן אַ מת אין שטוב. דאָס ווייב האָט נישט אויפגעהערט און צוגעשטאַנען יעדע פּאָר מינוט:

— איטשע, וואָס איז מיט דיר?

און אַז איטשע האָט געהאַלטן אין עסן די פיש און אַ רוף געטון זיין ווייב בזה הלשון: אשתי־אשתי, דגים טוב!... די פיש הייסט עס, זייַ־נען גוט און ער האָט גענומען הויבן מיט די אַקסלען: טינקאַ אַן טינקאַ! געמיינט האָט ער, אַז ער האָט נישט קיין פיש־יויך איינצוטינקען די חלה, אַז די זין און די טעכטער האָבן גענומען צושטיין צום טאַטן:

— וואָס איז מיט דיר? אפשר רופן אַ דאָקטער, אַ פעלדשער?

האָט איטשע גענומען טופּען מיט די פיס, דראָען מיט די פויסטן:

— היום שבת — לשון־קודש! — כאָטש נעם צעהאַק איטשען אויף שטיקער האַלט ער זיך ביי זיינס.

וואָכן, חדשים, יאָרן זיינען געלאָפן. אַלע קינדער חתונה געמאַכט, די באָרד, די גרויסע ברעמען — גרייז־גראָ. און כאָטש די שטאָט האָט נאָכגעמאַכט מיט חוזק איטשעס לשון־קודש ריידן, כאָטש מען האָט אים שבת געשטויסן געצופּט בכדי מען זאָל הערן זיין לשון, וואָס מען האָט קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען, האָט איטשעס פּנים נאָך אַלץ זיך צע־שיינט, ווען ער האָט אין הייסע שבתים געבראַכט קאַלט וואַסער אידן צו דערקוויקן. געזען ווי אידן מאַכן ברכות איבערן טרונק וואַסער, איז אין איטשען אויפגעגאַנגען אַ פרייד... נאָר ווען אין די ווינקלען פון בית־המדרש האָט גענומען צאַפּלען דער חושך, איז איטשע עפּעס טרויעריק געוואָרן.

אין מערב האָט דער הימל רויט געשרפהט, האָט איטשען פאַר־קלעמט ביים הארצן. דאָס גרייט מען דעם גיהנום פאַר די רשעים. און כאָטש ביים טיש זיצט אַן עדה אידן, עסן ברויט מיט הערינג, וואָס בע־

רעלע כיל טוביהס, גרייט צו יעדן שבת צו שלוש־סעודות, וואו ער אליין, בערעלע, זיצט אויבן־אָן און פירט אָן זיין כאָר, באמיט ער זיך אלע אי־בערצושרייען. ער קלערט וועלכן ניגון צוצופאסן צו יעדן זמר און אמ־מיינסטן נגינים פריילעכע. בערעלע איז אין עולמות־העליונים. ער פאר־געסט, אז באלד וועט ער מוזן הייצן זיין אויוון צו באקן בייגל. ער שוועבט אין זיין געזאנג, הערט נישט, זעט נישט; ער אליין איז דער תענוג־נגינה, וואָס צעהילכט זיך איבערן חלל פונעם בית־המדרש, רייסט זיך אַרויס אין דרויסן און שוועבט הויך, העכער...

---

צווישןביידע מיטלסטע פענצטער זיצט איטשע פאַרשטומט. די נגינים וויקלען זיך אַרום אים, פלאַטערן ווי טויבן. נאָר טיף אין זיך, אָן ווערטער, בעט איטשע פארן גאנצן פאָלק ישראל: אַ וואָך פון פרנסה און פון גאולה. נישט ער רעדט, נישט ער ברומט, נאָר טיף אין אים ליגט דאָס געבעט — אַ שטום געבעט...

* * *

חיים גאָלדזאַץ

# ס׳גייט נישט פאַרלוירן

(ד ע ר צ יי ל ו נ ג)

צווישן דעם באַרג, וואָס ציט זיך פון טילנע, זאַטי ‹נע, אַנטקעגן דעם קליינעם בית־המדרשל און צווישן דעם באַרג, וואָס פירט אין דער שוואַמער־גאַס און צום רבס הויף; צווישן די צוויי באַרג־גאַסן, שטייען עטלעכע הייזער, פון וואַנען ס׳הערן זיך קולות פון קינדער. דאָ וואוינען מלמדים. אַביסל ווייטער, וואו אַן אַלטער פאַרשימלטער פאַרקאַן נעמט אַרום אַ שטיקל הויף, לינקס ביים אַריינגאַנג שטייען הילצערנע שטיגן מיט אַ גאַניקל ביים סאַמע הויף — דאָ וואוינט דער באַקאַנטער אין דער גאַנצער שטאָט און פון א‹ע שטעטלעך אַרום, דער לאַנגער דוד, דער באַזינגער און באַוויינער פון אַלע חתנים און כלות — דער בדכן. אַז איר קומט אַרויף און גייט אַריין אין שטוב, קומט אייך ס׳ערשטע אַנטקעגן אַ לאַנגע שמאָלע שטוב, וואָס טונקלט פון ווייטנס. לינקס שטייט אַ ניי־מאַשין; רעכטס —— אַ טיש און אויף לינקס ביי דער מאַשין זיצט ר׳ דוד און נייט. אין די אינגערע יאָרן האָט ער אַליין גענייט שניידעריי און איצט, ווען ער האָט שוין איבערגעשפּאַנט די פופציקער, נעמט ער אַרויס ביי שניידערס אונטערצונייען פוטערס, אַרויפגעבן פּוטערנע קעלנער אויף מאַרינאַרקעס. זיצט זיך אַזוי ר׳ דוד מיטן קאָפּל אויפן קאָפּ און שטופּט די נאָדל אינעם פעלענעם קאָלנער. א‹ן אַז די נאָדל גייט נישט, גיט אַזאַ „קוויטש”, ווי ס׳וואָלט איר עפּעס וויי געטון, וואָס מען ווענדט אָן צו איר אַזאַ כח. גיט מען מיט איר אַ רייב אין די האָר פונעם קאָפּ און זי לויפט זיך ווידער רואיק מיט אירע נאָדל־שטעך.

אביסל ווייטער, כמעט אין מיטן שטוב, הערט זיך פון צייט צו צייט א טיפער זיפץ. דאָס זיפצט ר׳ דודס ווייב, שיינדל־דינה. יעדעס מאָל, ווען זי כאַפּט אַ בליק אויף די ווענט, וואו ס׳הענגען די בילדער פון אירע זין, מיט זייערע ווייבער און קינדער; אירע אייניקלעך, וואָס זי קען זיי נאָר פון די בילדער, פאַרקלעמט איר אַזוי ס׳האַרץ, אַז נאָר זי וואָלט געוויינט...

— דו זיפצסט שוין ווידער? — פרעגט איר דער מאַן מיט זיין באַ־סאָווער שטימע. — וואָס וועסטו דען אויסוויינען?...

— יאָ, — גיט זי אַ שאָקל מיטן קאָפּ, און טוט זיך ווייטער איר ווייבערישע אַרבעט.

עס ווייזט זיך אויס, אַז ווען דער לאַנגער דוד גייט אין גאַס, אַז ער איז אַ גרויסהאַלטער, מחמת זיין גאַנג איז אַ געשטרעקטער; זיין אַשיק־גרוי בערדל ציכטיק פאַרקעמט, אַז מען קען יעדע האָר ציילן: זיין בליק פאַרויס, ווי ער וואָלט קיינעם נישט געזען. אין דער אמתן איז עס גאַנץ אַנדערש. ר׳ דוד פילט אין זיך דאָס ריזלען פון ניגונים, און ווערטער, גראַמען גאַלאָפּירן אין זיין מוח, ווי צעבריקעטע פערד. אָט מאָרגן איז אַ חתונה, מען וועט פאָדערן: ״נו, ר׳ דוד, ווייזט עפּעס וואָס איר קענט!״. אָט דאַרף מען מאַכן וויינען חתן־כלה, מחותנים און סתם ווייבער פאַר דער חופּה. מישן זיך ווערטער אביסל טרויעריקע, ווערטער האַרצרייסנדיקע און בעת ר׳ דוד גיט זיך אַ צעזאָג און כלעזמאָרים העלפן אונטער, וואַקסט אויס פאַר אייך „אַ לאַנגער דוד״, אַ צעשיינטער, אַ צעשטראַלטער און ווי אַ ריזלדיקער טייך שטראָמען סטראָפן, צוגע־פּאַסטע לויט די נעמען פון די מחותנים, משפחה — פון לעבעדיקע און געשטאָרבענע, און אַלץ גאַפט און האָרכט! די לאָמפּן, די ליכט, ווי זיי וואָלטן זיך העלער צעצונדן, און אַ שטימע, וואָס קומט אַרויס פון אַ הויכן, געשטרעקטן מענטשן נעמט אַרום אַלץ און אַלעמען. דאָס שוועבט אַזוי דער לאַנגער דוד אין זיין הויכער וועלט פון פאַרפאַסונג; דאָס וואַקסט ער מיט אין שוואונג פון זיין שאַפן. און די קלעזמאָרים, וואָס העלפן אים מיט? זיי וויסן גאָרנישט, אַז זייערע פידלען, טרומייטן און די פלייט, שטופּן אָפּ זיין וואָכעדיקן אומעט, זיין גרוי לעבן... פון אונטערנייען פוטערס און אַרויפגעבן קעלנער אויף וואַטאָווע מאַרינאַרקעס.

קאיאָר, ווען אַלע אין שטוב שלאָפן דעם שבתדיקן רואיקן שלאָף; ווען מען דאַרף זיך נישט אויפהויבן גיין צו דער אַרבעט, קען זיך ר׳ דוד נישט פאַרגינען דאָס ביסל רו און עס הויבט אים פון געלעגער:

ערשטנס, בענטשט מען היינט ראש־חודש טבת, וועט ער מוזן זיין אין שול, ווייל אלץ — קינד און קייד — קומט הערן דעם חזן אין דער גרויסער, אלטער, הילצערנער שול; צווייטנס, האָט ער שוין א שטיקל צייט נישט געזאָגט קיין קאפּיטל תהילים, אזוי אז ער וועט זיך אויפהויבן, וועט ער אויסזאָגן גאנץ תהילים — פאר אלע צייטן ס'נישט דערזאָגטע.

דער דרויסן: א ווייס־בלויער שניי איז אויסגעפאַלן איבער נאכט און אלץ איינגעהילט אין ווייסן. שטעלט ר' דוד די ערשטע טריט אי־נעם פוכלענעם שניי, וואָס סקריפּעט און טרעט אויס א וועג, פון זיין שטוב צום בית־המדרש, וואו אידן זיינען שוין פארזאמלט ארום דעם קאכלע־אויוון און וואַרעמען זיך מיט א מחיהדיקן א־א־א — ס'צעגייט אין יעדן אבר...

די הילצערנע שול איז פול מיט מענער, יונג און אלט. דורך קליינע הילצערנע קראטן־פענצטערלעך קוקן און הערן די ווייבער, ווי דער חזן מיט זיינע משוררים זינגען די חיימס פון ראש־חודש־בענטשן. אלץ קוויקט זיך פון די שיינע קאָמפּאָזיציעס און פון די פארשידענע שטימען, וואָס בילדן דעם כאָר. נאָר טיף, ווי א געברום, טראָגט זיך די באס־שטימע פונעם לאנגן דוד. און ווען מען ענדיקט ס'דאווגען טראָגן זיך ישר־כחס צום חזן און צו ר' דודן. ר' דוד, מיטן בליק פּאָרויס, ווי תמיד, גייט פאַ־וואָליע און א גרימאסע לייגט זיך אויף זיין פּנים. עס שווימען אים אויף ווערטער געגראמטע:

„ישר כח, ר' דוד" — כ'בין זייער צופרידן,
געזונגען מיט הארץ — א פארגעניגן צו הערן!
נאָר ווילן זאָלט איר, טייערע אידן,
אז פון „„ישר כח" קען מען נישט אהיים דערנערן!...

אזוי גייען זיי סטראָפן און סטראָפן און ר' דוד איז שוין פארטון אין א ים מיט ווערטער, וואָס פליסן אין אים, ביז ער קומט צו זיך אין שטוב מיטן ברייטן „גוט שבת".

כאָטש דער גלאָז פון די אויגן ביי דודן איז געווען א בייזער, וואָס האָט געמיינט צו זאָגן: הער נאָר תכשיט מיינער — האסט שוין גע־דאווגט?" דאָס האָט ער געמיינט זיין אינגסטן זון אברעמעלע, וואָס איז געשטאנען פארקלערט ביים טיש און געברומט א ניגון פון א ניי ליד, וואָס זיין ברודער פון אמעריקע האָט אים געשיקט, צוזאמען מיט די נאָטן.

דער הויכער און דארער אברעמעלע, מיט די ברילן אויף דער לענג־

לעבער נאָז און מיטן קנאָפּ אין זיין דינעם האלדז, וואָס לויפט אויף־און־אָפּ ווי ער וואָלט וועלן עפּעס אראָפּשלינגען, נאָר ער קען נישט, איז גע־שטאַנען, ווי נישט אים מיינט מען. ער האָט געוואוסט זיין פּאַטערס טבע, אז באלד וועט אים איבערגיין. נאָר אז ער האָט גענומען הויך זינ־גען אויף אַ קול די ווערטער, מיטן טרויעריקן ניגון: „אויף וועמענס מזל קלאָגט אזוי דער רעגן" — איז אדורך אַ ציטער איבער ר׳ דודס לייב, ווי מוראשקעס וואָלטן ביי אים געקראָכן אונטער דער הויט. כאָטש זיין ווייב האָט אים שוין עטלעכע מאָל געזאָגט: — דוד, גיי לייג זיך אביסל שלאָפן, כ׳האָב דיר אריינגעלייגט א ווארעמע ציגל אין בעט; גיי כ׳לעבן ווארעם זיך אויס! — איז ווי נישט אים מיינט מען. דער נייער ניגון, די הארציק־טרויעריקע שורות, האָבן אים צוגעפירט צום זון, אים געשטעלט אין איין רייע און ביידע — דער טיפער באס און דער באַ־ריטאָן — האָבן זיך אין הארמאָנישער גאנצקייט צוזאמענגעגאָסן. ר׳ דוד האָט דערפילט, אז ער איז עפּעס ווי אינגער געוואָרן, אז ער האָט נאָך ביים לעבן א תיקון. זיין זון אברעמעלע טראָגט אין זיך זיין געזאנג, זיין הארציקייט; זיין טאָכטער, שרהלע, קלאָגט אויס מענטשלעכע ליידן, מענטשלעכן צער און האָפענונג, אויף דער טעאטער־בינע פאר טויזנטער צוהערער. עס ליגט זיי אין די בלוטן דער לאנגער דוד! אפשר וועלן איי־ניקלעך, אור־אייניקלעך אויסזינגען דאָס וואָס ער האָט נישט געקענט, ווייל... ער האָט נישט געטאָרט... — פּרנסה!

שטייט דער טאטע מיטן זון און זינגען „צי אפשר אויף מיין מזל קלאָגט דער רעגן"... ר׳ דוד איז יונג, כמעט נאָך אַ יונגער בחור. ס׳קול גייט טיפער, דעם זונס קול — העכער און א צופרידנקייט נעמט ארום זיין גאַנץ וועזן.

ער האָט איבערגעגעבן זיין געזאנג אין די בלוטן פון זיינע קינדער. ס׳וועט גאָרנישט גיין פארלוירן...

חיים גאָלדזאַץ

# דער פּריץ זאָל פּגרן

(דערציילונג)

אַ לאַנגע שמאָלע שטוב, די ווענט געבויגענע און נאַסע, ווי זיי וואָלטן געהאַלטן אין איין וויינען אויף די גרויסע צרות, וואָס זיי האָבן צוגעזען. די סטעלע אַ האַלב האָרבאַטע, אונטערגעשפּאַרט מיט פינף בעלקעס, וואָס בייַנאַכט קפּלען זיי זיך און וואַרפן אָן אַ מוראַדיקע אומהיימלעכ־קייט, ווי זיי וואָלטן געזאָגט אויף זייער שרעק־שטום לשון: — ציילט ר' אהרן. פינף סלופּעס און פינף שאָטנס, — צוזאַמען — צען. פּונקט אַזוי פיל קינדער האָט איר פאַרלוירן אין דער שטוב. קליינע, גרעסערע און גאָר גרויסע. געבליבן איז אהרן מיט זיין ווייב איידל און אַן אייניקל פונעם עלטסטן זון נחום, וואָס טראָגט דעם פאָטערס נאָמען. איז ווייעט מיט טרויער פון יעדן ווינקל, נאָכמער אין די פאַרטאָגן, ווען דער אַלטער אהרן גייט צו זיין טאָג־אַרבעט ביים פּריץ סאַסקי, דעמאָלט זעצט זיך אויף אין איר בעט די אַלטע איידל און איז מכבד אירע קינדער מיט אַ ברייט מאַמישער ס'קאָצל קומט! רופט אַלעמען ביים נאָמען, הייסט זיך זעצן און איז גליקלעך אין קרייז פון אירע טייערע קינדער.

— מאַמע — שרייט פּלוצים אויס מיט שרעק איר אייניקל נחום, — מיט וועמען רעדסטו?

— זע נאָר, זע — האָט זי תערומות צו איר אייניקל — האָסט מיר אַלע קינדער פאַריאָגט... און זייענדיק אונטער דער ווירקונג פון אירע האַלוצינאַציעס, רופט זי נאָכאַמאָל די קינדער ביי זייערע נעמען, זיי זאָלן צוריקקומען...

שוין דרייסיק יאָר ווי אהרן בלעכער מוז יעדן פאַרטאָג דאַוונען ביחידות. ער בעט דעם וואָס לעבט אייביק, אַז ער זאָל אים מוחל זיין, ווייל פּרנסה... ער וואָלט פּונקט ווי אַלע אידן אין שטאָט געגאַנגען יעדן פרימאָרגן אין בית־המדרש, געדאַוונט בציבור, אַ קדושה אריינגע־כאַפּט, נאָר ווער ווייסט נאָך אַזוי ווי דו? — רעדט ער מיט זיין פּראָסטן לשון און גלאָצט צום הימל... ווי נאָר ער לייגט־צו דעם טלית און תפילין גיסט ער זיך אָן אַ שעפּ מיט הייס וואַסער, וואָס ער רופט עס טיי, בראָקט אייַן שטיקער אַלט ברויט און דרייט עס אין זיין ציינלאָז מויל, זופּט צו ס'ביסל וואַרעמס און איז זיך מחיה מיט אַן א־א ביי יעדן שלונג. ווי יעדן פרימאָרגן, איז אהרן געגאַנגען מיטן מאַרק צו שענער גאַס, זיך פאַרנומען לינקס און מיט מידע געבראָכענע טריט געגאַנגען אין ביר־ברויעריי צום פּריץ סאַסקי, וואו ער אַרבעט שוין דרייסיק יאָר. אַריינקומענדיק אינעם ברייטן טויער, איז אים אויסגעקומען עפּעס מאָדנע דאָס באַגעגענען זיך אַזוי פרי מיטן יונגן פּריץ און מיט זיין פּאַרוואַלטער זאַמאָיסקי.

— אַלטער! — האָט אים זאַמאָיסקי אַ רוף־געטון מער מיטן שטאָ־לענעם בליק זיינעם, ווי מיט ווערטער.

אַ רעגע צוויי איז אַלץ ווי פאַרשטומט געוואָרן, נאָר גלייך האָט זאַמאָיסקי אַ זאָג געטון מיט באַפעלערישער שאַרפקייט:

— מיר האָבן אַ צווייטן מייסטער אויף דיין אָרט, אַ קריסט! — די קעסלען, וואו מען קאָכט סמאָלע, זיינען דיינע, האַ? מען וועט דיר פאַר זיי באַצאָלן!

דער אַלטער אהרן איז געבליבן ווי פאַרשטייפט, נישט אַ וואָרט אַרויסצורייד, נישט אַ ריר צו טון מיט אַן אבר; בלויז די גרוי־גרינלעכע באָרד האָט געציטערט. פונקען זיינען געפלויגן פאַר זיינע אויגן און די צוויי, דער פּאַריץ און זיין פּאַרוואַלטער, זיינען געווען צוויי שוואַרצע פלעקן אינעם ליכטיקן פרימאָרגן.

— פּריץ — האָט דער אַלטער אהרן גענומען זיך בעטן — אויף מיינע הענט האָב איך אייך געטראָגן. דער גוטער טאַטע אייערער האָט אַלע פונדאַמענטן פון זיינע הייזער געלאָזט שמירן מיט מיינע הענט. אָט דאָס אַלץ, מאַכט ער אַן אומקרייז מיט זיינע אויסגעפּראַצעוועטע הענט, איז געמאַכט געוואָרן פון מיר, אפילו דאָס בלעכענע פענדל אויף דעם קוימען מיטן בליץ־אַפּלייטער איז אויך מיין אַרבעט. — פאַר וואָס? אויף מיינע אַלטע יאָרן...

— אלע פּריצים זאָגן אָפּ זייערע אידישע מייסטערס, קען איך נישט זיין אנדערש, ווייל... ער האָט מער נישט גערעדט, געלאָזט שטיין דעם אַלטן אויסגעהאָרעוועטען אידן און זיך געלאָזט גיין צום דרויסן, וואו ס'האָט שוין געוואַרט אויף אים זיין בריטשקע געשפּאַנט מיט דריי פערד, איינס נאָ־שפּיץ.

— רבונו של עולם — האָט אהרן אַ צענעם געטון זיינע הענט — וואָלטן מיינע קינדער געלעבט!... וואָס קען איך איצט טון ב"י מיינע אכט און זעכציק יאָר? וואָס, ער איז נישט אהיימגעגאנגען, ווי דער וועג אַהיים וואָלט פארשוואונדן, נאָר זיך געדרייט אינעם הויף. גערעדט דאָ מיט איין אַרבעטער, דאָ מיט אַ צווייטן, סתם זיך אוועקגעשטעלט און געזיפצט.

די זון האָט זיך גערוקט צו מערב און אָפּגעשפּיגלט זיך אין די הויכע פענצטער פונעם פּריץ סאסקים הויז. דער אַלטער אויסגעפּראַ־צעוועטער אהרן האָט פאררוסן זיין קאָפּ צום הימל און מיט אַ גם זה לטובה פארלאָזט דעם הויף, וואו ער האָט אַ העלפט פון זיין לעבן אי־בערגעלאָזט. דער וועג אהיים, כאָטש דער זעלבער וואָס אלע יאָרן, איז עפּעס ווי פארענדערט געוואָרן. אפשר האָט זיך עס אהרנען אויסגעוויזן אזוי. אלע שטובער עפּעס אזעלכע טרויעריקע. מענטשן גייען, לויפן. אהרון זעט נישט קיינעם, הערט נישט קיינעם; עפּעס גערויערט ער דער היינ־טיקער טאָג אזוי לאנג... ער ציט זיך — אָן אייביקייט...

אריינקומענדיק צו זיך אין שטוב, איז, ווי שטענדיק, זיין אלטע געלעגן אין בעט, געוואַרט, אַז דער מאַן זאָל קומען פון דער ארבעט און ס'אייניקל פון חדר. אהרן האָט נישט געקענט ארויסברענגען קיין קלאַנג אפילו, ווייל דער האלדז איז אים געווען פארשלאָסן... ביז ער האָט ארויסגעפּלאַצט מיט אַ געוויין, וואָס פארגליווערט ס'בלוט. אַ געוויין פול מיט צער; אַן אומבאַהאָלפנס. נחום איז שטיין געבליבן — הוילע פארוואונדערונג, וואָס אַ טאַטע וויינט...

— וואו וועל איך נעמען דיין רבין צו באַצאָלן? פּרנסה? — האָבן טרערן גערונען איבער זיין אַלט פּנים, זיך פארקראָכן אין דער באָרד. די אַלטע איידל, וויינענדיק, האָט דאָך, ווי איר טבע, גענומען טרייסטן דעם אַלטן אהרנען, אַז גאָט האָט אונדז נישט פארלאָזט ביז אהער, וועט ער אונדז ווייטער אויך נישט פארלאָזן.

— צינד אָן דעם לאָמפּ, דאוון מנחה־מעריב און גיי עפּעס עסן!

גאָט וועט זיך דערבאַרעמען איבער אונדז, אין זיין זכות — האָט זי אָנגעוויזן אויף נחומען.

ס׳פּלעמל אינעם לאָמפּ האָט גענומען צאַנקען, אונטערשפּרונגגען. אַזוי האָבן די שאָטנס פון די סלופּעס גענומען ציטערן און צאַפּלען און געוואָרפן אַן אימה אויף אַלץ און אַלעמען.

— דאַוון — האָט דער זיידע מיט ביטערניש אַריינגערעדט אין זיין אייניקל, וועלכער האָט געהאַלטן דעם סידור און גאַרנישט געזען. אַלע שורות האָבן געטאַנצט פאַר זיינע אויגן, ווי שוואַרצע פּאַסן. זיין בליק איז געלאָפן פון זיידן צו דער באָבע און צוריק. געפילט דעם גרויסן צער, וואָס האָט איינגעהילט די שטוב, ווי אַלע קינדער וואָלטן איצט אויפסניי געשטאָרבן...

— פאַר וואָס קומט עס אונדז אַזוי? — האָט זיין יונג האַרץ גע־האַט טענות צום ריבונו־של־עולם. — ער האָט געקוקט אינעם סידור און ווידער גאַרנישט. דער זיידע שטייט שטיל, אַזוי ווי די סלופּעס, מורמלט מיט האַרץ אין ווייטיקלעכן געבעט. ס׳אייניקל שטייט און ברענט מיט צאָרן. פון זיינע שפּיץ־פינגער פון די פיס ביזן קאָפּ לויפן פלאַמען הין און צוריק. זיין האַרץ ברויזט קעגן אומרעכט, וואָס דער פּריץ איז באַ־גאַנגען קעגן זיין זיידן. זיינע צעין יאַר ברענען ווי אַ פלאַם; זיין גאַנצער אינערלעכער מהות שטורעמט מיט איין גרויסע קללה — דער פּריץ זאָל פּגרן! דער פּריץ זאָל פּגרן!

* * *

חיים גאָלדזאַץ

# בריליאַנטן

(סקיצע)

די לעצטע טעג פונעם חודש אייר, דער פרימאָרגן־הימל איז טונקל־בלוי און ריחות פרישע טראָגן זיך פון אַלע זייטן. ס'הערט זיך אַ שטאַר־קער סקריפּ פון אַ טיר און שווערע טריט. דאָס שפּאַנט דער טרעגער, בערל, וואָס איז באַקאַנט מיטן צונאָמען — טשאָטשקע. ער אָטעמט איין טיף די מחיהדיקע לופט, הויבט אויף זיין קיילעכדיקן קאָפּ, מיטן אידישן גלות־היטל אויף אים, צום בלויען הימל און עס גייט אין אים אויף אַזאַ צאַרטער ליבע צו דעם וואָס לעבט אייביק, אַז ער וואָלט זיך מיט זיין שווערן גרויסן גוף אַ צעטענצל געגעבן, אַז אַלץ אַרום זאָל מיטשווינדלען. נאָר אַ טיפער זיפצט רייסט זיך פון זיין ברייטן ברוסט־קאַסטן. דאָס איז דער פאָטער־לעבער וויי־קרעכץ אויף זיינע קינדער, וואָס זיינען אַוועק אין ווייטע לענדער.

בערל נעמט שפּאַנען, וויגט זיין שווערן גוף הין און הער איןביידע זייטן. טראָגט אַנטקעגן גוט־מאָרגנס די פאַבריק־אַרבעטער, וואָס ציען מאַכ־נעסווייז פון אַלע זייטן. ער גייט באַרג־אַרויף, וואו פון איין זייט שטייט אַ טונקעלער פּלויט איבער וועלכן עס הענגען אַריבער צווייגן פון אַלטע ביימער, און דורך שפּאַרונעס קריכן גראָזן, וואָס ציען אויף אַרויף ביז צו דער טומאה. שפּאַנענדיק אינעם שמאָלן טומאה־געסעלע, וואָס פירט צום גרויסן שטאָט־מאַרק, ווערט בערל וואָס אַמאָל אויפגעהייטערטער און ווען זיין גאַנצער קערפּער וואָס איז אַביסל מיד געוואָרן פון גיין באַרג־אַרויף, באַ־ווייזט זיך אין מאַרק, ווערט בערל גרינג ווי אַ אינגל. ער שלעפּט נישט

זיין אויסגעהאָרעוועטן גוף, נאָר ער שוועבט אויף די שפּיץ־פינגער, דאָס אַלץ צוליב דער מאַכנע טויבן, וואָס פלאַטערן מיט זייערע צעוויגטע קער־פערלעך איבערן מאַרק, וואו זיי קלייבן אויף די תבואה־קערנער וואָס ליגן צעשאָטן נאָכן דאָנערשטיקן יאַריד. בערל, וואָס איז אַ בריה נאָכצומאַכן פאַרשידענע בעל־חיות, שאַרט זיך פאַמעלעך און וואָרקעט ווי אַ טויב. די טויבן פאַררייסן זייערע קעפּעלעך, דרייען זיי אויף אַלע זייטן. דער צע־וואַקסענער גרייז־גרויער, מילדער ריז, איז כמעט אַליין אַ טויב. אווו־אווו — אַריי־אַריי — וואָרקעט ער צו זיי, ווי אַ פרימאָרגן־תפילה, גייט נאָך דער מאַכנע טויבן וואָס איילן צעוויגטע אויף זייערע דינע פיסעלעך. בערל גיט אַ נעם צוויי פינגער פון זיין מאַסיווער האַנט אין מויל און אַ פייף שניידט דורך די לופט. די טויבן גיבן אַ צעפּאַטש מיט זייערע פליגל און קעפּ אַרויף אויף די דעכער פון די מאַרק־הייזער.

די שטאָט אָסטראָווצע וועקט זיך פריטיק פריער ווי יעדן טאָג פון דער וואָך. אידן איילן פון פאַרשידענע גאַסן און געסלעך און ציען אין איין ריכטונג: מען לויפט דאַוונען. אַז דער פאַבריק־פייפער פייפט צום צווייטן מאָל, זעט מען שוין יונגוואַרג וואָס איילן צו דער אַרבעט. די ערשטע וואָס ראַשן זיך גאַנץ פרי זיינען די פישער. אַזוי הערט מען דאָס געוואַלדעווען פונעם שכור זיסל קוואָקע. ער שטייט מיט זיין רויט צע־פלאַמטער באָרד, פאַרקאַטשעטע אַרבל און גומענע שטיוול אויף זיינע לאַנגע פיס. זיסל האָט ליב געוואַלד, רעש, האַלט ער אין איין שעלטן זיין שכן, דעם צווייטן פישער, יעיקאַלע סקיפּקע. מיט בראַאַך, צענעמט ער די הענט און זינגט זיין באַקאַנט לידל — אַז ער, זיסל, האָט שוין איינגע־נומען אַ פּאָזיציע, דאָס הייסט, אַז די גרעסטע העכט און קאַרפּן קריגט מען נאָר ביי אים און די גבירישע ווייבער וועלן היינט געבן גיט צו פאַרדינען. אַרום שטייען מענטשן, לאַכן און זיסל פאַרגייט זיך מיט קללות־געזאַנגען צום גאַנצן אַרום. די ערשטע ווייבער וואָס קומען צו די פישער זיינען אָרימע, שטילע, וואָס נעמען די קליינע קוריסלעך און איילן אהיים צוגרייטן לכבוד שבת. באַלד באַווייזן זיך די מאַרק־זיצערנס מיט זייערע קוישלעך מיט מייערן, ציבעלעס און שרייען: ביליק, ווייבער, ביליק! די טרעגער זיצן אויף לאַנגע שוועלן ביי צוגעמאַכטע געוועלבער און הערן ווי שימעלע בוכלייזערס דערציילט וואָס ער האָט געלעזן אין זיין פאָלקס־צייטונג. ער פינטלט מיט זיינע אויגן און הערט נישט אויף צו איבער־חזרן: אָך איז דאָס אַ שרייבער, אַ פאַרגעניגן צו לייענען זיינע זאַכן, אַ כאַלערע אויף אים, וואָס סאַראַ קאָפּ ער האָט! די דראָזשקאַזשעס קומען

צופֿאָרן פֿונעם ערשטן צוג, ווער מיט אַ פֿאַרשוין, אָדער צוויי, ווער לײדיק. זיי שטעלן זיך אויס איינער הינטערן צווייטן נעבן דער אַפּטייק. געוועלבער מאַכן זיך אויף, דער מאַרק נעמט ווימלען. די זון שטייט אין מיטן אַסטראָווצער הימל און גיסט מיט סנאָפּקעס ליכט. אויף דער הויכן צאָל קומען זיך צונויף די שטעקל־אידן — אַלע זאַטע, מיט נייגער: ווי האַלט עס מיטן דאָלער? אַט פֿאַרמירט זיך אַ גרופּע פֿון אַ צען מאַן, באַלד צעפֿאַלט זי זיך און ס'נעמען גיין אידן צו צוויי. טייל מיט די שטעקנס אויף די אַקסלען, אַנדערע מיט פֿאַררוקטע היטלען אויף אַרויף. עפּעס זשומעט צווישן זיי: מען וואַרפֿט דעם דאָלער, מען הויבט אים. די וואָג־שאָל איז דער ווייסער יאָסל, וואָס האָט אַ ברודער אין אַמעריקע און ער אַליין איז שוין אויך דאָרט עטלעכע מאָל געווען, און משה באָרד, וואָס גייט צעקנעפּלט זיין אַמעריקאַנעם בלויען סאַק און וואו אַ גאָלדענער זייגער־דווויסקע קייטלט זיך איבער זיינע וועסטל־קעשענעס. אַזוי קאָכט זיך דער אַסטראָווצער מאַרק פּרייטיק אין די לעצטע טעג פֿונעם חודש אייר.

צווישן די באַלעגאָלעס פֿון דער שטאָט האָט געזידט און געקאָכט. בראָנפֿן און ביר האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. דאָס האָט מען געטרונקען צוזאַמען מיט די וואוילע־יונגען, אַז זיי זאָלן העלפֿן און נישט דערלאָזן, אַז שלמה דער הולטיי זאָל ווערן דער צענטער באַלעגאָלע אין שטאָט. מען האָט זיך געאַמפּערט. איינער האָט פֿאַרשריגן דעם צווייטן, און אָנגעטרונקענע געגאַנגען איבער אַלע פֿיר צאָלן פֿונעם מאַרק זוכן שלמהן מיט זיין ברודער יאָסל צו פֿאַרפֿירן אַ געשלעג.

וויפֿל מען האָט זיך נישט אויסגעקויפֿט האָט שלמה מיט זיין פֿאַרבויגענער אָדלער־נאָז, מיט זיין קורצן שטערן, וואו פּאַסמעס לאַנגע שוואַרצע האָר, זיינען אים געפֿאַלן אין די אויגן, געהאַלטן אין איין געוואַלדעווען, אַז ער איז פֿון דורות אַן אַסטראָווצער, און אויב ס'מעגן זיין טאַרלער אידן באַלעגאָלעס ביי אונדז, מעגן אַסטראָווצער אוודאי זיין! פּלוצלינג האָט זיך אויף דעם ברונעם, וואָס שטייט אין מיטן מאַרק פֿאַרקלאַפּט מיט ברעטער, באַוויזן שלמה מיט זיין ברודער. שלמה, גוט פֿאַרשיכורט, האָט געמאַכט ווילדע קולות און גערופֿן צו אַ געשלעג די איבעריקע באַלעגאָלעס. אין זיין האַנט האָט געפֿינקלט אַ גרויס, שאַרף מעסער און יאָסל מיט אַ קלאָניצע אין האַנט, האָט געקריצט מיט די ציין: קעפּ וועלן ־פֿאַלן! זאָלן זיי נאָר אַהער קומען!

— איך בין אַן אַסטראָווצער, און קיינער וועט מיר נישט שטערן פֿאַרדינען מיין ברויט! כ'האָב אַ ווייב מיט אַ קינד!

מענטשן האָבן זיך געזאַמלט אַרום דעם מאַרק־ברונעם. פון דער צווייטער זייט צאָל האָבן זיך אויך געגרייט די איבעריקע באַלעגאָלעס, מיט שטעקנס, שטיקער אייזנס, און ווער, באַהאַלטענערהייט, אויך אַ מעסער. צווישן די גרויסע טרעגער און אויך צווישן די קליינע מ־עגער, איז געוואָרן אַ שטיקל בהלה. אַלע שטייען און קיינער רירט זיך נישט פון אָרט. בערל מיט זיינע גרויסע, קיילעכדיקע אויגן, מיט זיין ווייסער רונדער באָרד, שטייט און גאַפט; פילט ווי ס'האַרץ צאַפּלט אין אים. ער בלאָזט פאַנאַנדער זיינע גרויסע נאָזלעכער. ער קוקט זיך אַרום צו אַלע טרעגערס און גיט אַ ברום ווי אַ לייב:

— וואָס שטייט מען, — איר ווילט, אַז אידן זאָלן זיך שעכטן? שימאַלע, ביסט דאָך אַן אַלטער חבר פון אונדזערע! יאָסל, משה.

און ווי בערל רעכנט אַזוי אויס די נעמען פון זיינע חברים, קנוילן זיך שוין מענטשן אין אַ קופּע; פויסטן הויבן זיך אין דער לופטן, שטעקנס, אַ געלויף פון אַלע זייטן מאַרק. אַז בערל האָט דערפילט, ווי ס'גיט אים אַ טראָג, איז ער מיט איין אָטעם־געשריי געלאָפן איבערן מאַרק ביז צום ברונעם.

— אידן הרגעט זיך נישט, אידן! געוואַלד, לאָזט נאָר מיך צו. מיט זיינע שווערע הענט און אַ רויט־צעצונדן פּנים, האָט ער אָפּגעריסן איינעם פונעם צווייטן. און אַז די גרויסע טרעגערס האָבן זיך שוין גענומען אַריינמישן, האָבן מענטשן פרייער אָפּגעאָטעמט.

אויף דער ערד איז געלעגן שלמה. פונעם מויל, פונעם קאָפּ און פון אַ האַנט, האָבן זיך געגאָסן שטראָמען בלוט.

— ווערסט פאַרדינען דיין ברויט ווי מיר אַלע — האָט שימאַלע בוכלייזערס אַרויסגעשטאַמלט אַ דערצאָרנטער — מיר וועלן אייך שוין פאַרגלייכן.

אַז מען האָט געבראַכט וואַסער, האָט בערל מיט אַ פאָטערלעכן קרעכץ אַרומגעוואַשן שלמהן.

— שוין, מען וועט זיך שוין מער נישט שלאָגן! — אוי, רבונו של עולם, צעזינגט זיך בערל אַזוי האַרציק — רבונו, רבונו — גיט ער אַ קרעכץ און שרייט צו יאָסלען:

— נעם און פיר אהיים דיין ברודער!

די באַלעגאָלעס דערצאָרנטע זיינען מיט גלאָף געפאָרן צו דער ראַמפּע אויסלאָדענען וואַגאָנעס מיט פעסער הערינג און זעק רייז, וואָס זיינען אָנגעקומען איינער הינטערן צווייטן. די טרעגערס האָבן געאיילט,

געקאָלערט די פּעסער הערינג, געטראָגן די זעק רייז; אָבער אומגריכט פאַר אַלע, האָט זיך צווישן די פורן געפונען די נייע פור מיטן נייעם באַלעגאָלע שלמה.

———————

די זון האָט זיך גערוקט צו מערב. דער שול־קלאַפּער האָט מיט זיינע דריי קלעפּ געלאָזט וויסן, אַז ס'רוקט זיך אָן דער שבת. בערל אויסגע־ווייקט אין שוויים, האָט געגומען גיין אַהיים. ביי דעם ברונעם איז ער שטיין געבליבן און זיך איינגעקוקט אין דעם פאַרגליווערטן בלוט. זיין קאָפּ האָט זיך גענומען ווייטיקלעך שאָקלען. עטלעכע מאָל האָט זיך פון זיין אי־נערלעכסטער טיף אַרויסגעריסן — אוי, אוי! ר'האָט אויפגעהויבן די אויגן מיט אַ געבעט־גלאָץ צום הימל און זיין זיסע געבעט־שטימע האָט מיט אַן אינערלעכן ציטער גענומען ברומען: חיים של פּרנסה, חיים של פּרנסה, אוי פּרנסה, אוי פּרנסה! חיים של פּרנסה! א מינוט איז ער אַזוי געבליבן שטאַר מיט זיינע בליקן קעגן הימל. פון זיינע אויגן־ווינקלען זיינען אַרויסגערונען צוויי גרויסע טרערן, וואָס האָבן געבלישטשעט קעגן דער זון, ווי צוויי בריליאַנטן...

* * *

## חיים גאָלדזאַץ

# זאַלמעלע

(סקיצע)

ווען מען הערט יעדן אינדערפרי דאָס טראַסקעריי פון רעדער באַגלייט מיט פארשידענע געשרייען, ווייסן שוין אלע, אז דאָס פאָרן זיך צונויף די באַלעגאָלעס פון דער שטאָט. יעדער קומט זיך פון זיין גאס מיט זיין פערד און וואָגן און מיט זיין אייגן געשריי. א סך טראָגן נאָך אידישע גלות־היטעלעך מיט לאנגע קאַפּאָטעס, וואָס זייערע פּאָלעס זיינען פארשטעקט אין די גראָבע שטריק, וואָס ארום זייערע לענדן. די איניגערע, וואָס טראָגן שוין קורצע מארינארקעס מיט ליציפּעטן, און אנשטאָט דאוונען כאַפּן זיי אַריין עטלעכע כוסות — שטייען ביי חנה־רבקהס געוועלב און ריידן שוין וועגן זאכן, וואָס מען מוז זיך אַרומקוקן, צי עמיצער הערט נישט...

גאַנץ שפּעטלעך, ווען די זון רוקט זיך שוין כמעט צום מיטן מאַרק, ווען אלץ אַרום פילדערט מיט האנדל, מיט קליינע און גרעסערע פארדינסטלעך — הערט זיך א טומל און אינגלשע געשרייען. דאָס קומט אָן מיט אזא פאראד זלמן פּאַמליטשקאַ. ס׳פערדל, אויסגעדארט מיט צוויי שפּיציקע ביינער פון הינטן, שלעפּט דאָס צעפּאָרענע וועגעלע, אויף וועלכן עס זיצן א האלב טוץ אינגלעך... זאַלמעלע אַליין גייט צופוס. טאָמער פרעגט ווער: וואָס איז די חכמה? ווייסט זאַלמעלע ביי זיך, אַז — איז דער וואָגן ליידיק, זאָלן זיי פאָרן, די לאָבוזעס. אָבער ס׳מאכט זיך, אז מען דארף פירן עטלעכע זעקלעך רייז אָדער צוקער, טאָ ווער וועט אונטערשטופּן? שטייט ער זיך זאַלמעלע א קליינטשיקער מיט א קינדיש

פנימל, וואָס איז באַזוימט מיט א שיטער רויטלעך בערדל און פאות און גלאַצט. ער פארשטעקט נישט זיינע פאַלעס אינעם גארטל, ווייל ער טראָגט נישט קיין שטריק אויף זיך, נאָר די קאַפּאָטע ליגט אויף אים מיט איר גאַנצער לענג. אויך מיט די איבעריקע באַלעגאַלעס רעדט ער נישט. ער רעדט כמעט צו קיינעם נישט, אויסער צום ריבונו־של־עולם און להבדיל צו זיין פערדל...

זאַלמעלע האַלט בכלל נישט פון אונדזער טומלדיק וועלטל. אַזוי א שטייגער, וועט ער קיינעם נישט מקנה זיין, מעג עס זיין דער שענסטער באַלעבאָס פון שטאָט, ווייל וואָס משטיינסגעזאָגט איז געלט? מענטשן זאָלן נאָכגעבן דעם יצר־הרע; אָדער הייזער, שלעסער, אז מען מוז אַלץ איבערלאָזן און גיין, ווען מען רופט. א שטייגער, זיין דאַר פערדל און אַלע איבעריקע באַשעפענישן זיינען דען נישט קיין גלגולים, וואָס קומען נעבעך אָפּ אויף דער וועלט פאַר זינדיקע נשמות? איי די גאַנצע וועלט טראַכט נישט וועגן דעם, שטייט ער, זאַלמעלע אין מיטן אַסטראָווצער מאַרק און טראַכט גראָד יאָ און זעט נישט דערבײַ ווי יונגע שאַקטיקעס רייסן סטרונעס פון זיין פערדלס ווידל, צו מאַכן פידלען.

— איי, איי, גאָט־ט־ט! — גיט זאַלמעלע א געשריי און פילט ווי זיין גאַנצער גוף גיט א פלאַטער, ווי ס׳הארץ וואָלט זיך דערקוויקט מיט א טייער מאכל. ער גיט זיך דערבײַ א שטעל אויף די שפּיצן פון זיינע מיט טראָן אויסגעשמירטע שטיוול, ווי ער וואָלט אונטערגעשפּרונגען קדוש... ווער פילט נאָך אַזאַ תענוג אויף דער זינדיקער וועלט, ווי זלמן, ווען ער צעקרעכצט זיך מיט הארץ און נשמה?... לעצטנס האָט זלמן עפּעס פאַר־קלעמט ביים הארצן. ווי תמיד, פרייטיק פאַרנאַכט, ווען ער פאַרנעמט זיך א היים און גרייט זיך מקבל זיין די מלכה שבת, איז עפּעס מיט זיין פערדל נישט גלאַטיק. ווי אויף להכעיס וויל עס זיך נישט רירן, גלייך ווי עס וואָלט געוועזן צופרידן און פאַרשטאַנען זיך צו רייצן מיט זיין באַלעבאָס.

— נו, — בעט זיך זאַלמעלע — גיי שוין! ריר דיך, זעסט דאָך ס׳איז שוין באַלד שבת.

ניין און ניין. עס רירט זיך נישט. וויל ער דערלאַנגען מיטן בייטשל, פאַרקלעמט אים ס׳הארץ. ווי מעג מען שלאָגן א באַשעפעניש, דערצו נאָך ווען עס העלפט דיר אין דער פרנסה. זלמן צעוויינט זיך מיט הייסע קינ־דערישע טרערן און דאָ איז שוין שווער צו וויסן וועמען זלמן באַוויינט — זיין גורל, זיין ווייב און טאָכטער, וואָס ווערן יעדן פאַרטאָג אויסגעריסן און פאָרן מיט אים פון דאָרף צו דאָרף קויפן מילך, בכדי ס׳זאָל זיין די

פּאַר זלאַטעס אין שטוב. גיסן זיך פון זיינע אויגן הייסע טרערן און ער וויינט אַריין אין פערדס מאָרדע זיין גרויסן און טיפן צער.

---

שבת, אין די ערשטע טעג פון חודש טבת, כאַטש דער קליינער, מידער גוף בעט זיך, אויף זיין שטייגער, מיט שטעכעניש, מיט ברעכעניש, מיט אַ בלייאיקער שווערקייט: — ליג נאָך אַביסל אינעם וואַרעמען בעט, רו זיך אויס, וואָרעם זיך אויס פון גאַנצע טעג פרירן אין דרויסן — עגבערט דער מוח: שבת היום! ס׳וואַרטן מצוות... קריכט ער ארויס פונעם בעט, טוט זיך אָן די זיידענע זשיפּעצע מיטן סאַמעטענעם היטל, זאָגט אַ פּאָר אידישע ווערטער און פאַרגעסט נישט דערביי אָנזאָגן זיין טאַכטער, זי זאָל נישט פאַרגעסן אין זיין פרנסה־העלפער. זי זאָל זען געבן אים אַ טרונק און עסן. זלמן, ווי זיין טבע, גייט נישט, כאָטש זיין גוף איז גרינג, נאָר ער שלעפּט זיינע פיס. ווייסן שוין שכנים, אַז דאָס איז ער, זייער שכן, דער „וועק־זייגער", כאָטש יעדער דעקט זיך איין צו שלאָפן לענגער דעם שבתדיקן שלאָף. אַ ווייסע וועלט באַגעגנט ער און ער נעמט זיך אַרומקוקן ווי ער וואָלט קיינמאָל די גאַסן נישט געקענט. שטייט זיך די ברייטע אַלעע אָן אומבאַרירטע, אַ צוגעדעקטע, ווי אַ כלה פאַר דער חופּה מיט איר ווייסן שלייער. קיינער קומט נישט פון ערגעץ און קיינער גייט נישט, אויסער ער זלמן, דינען דעם בורא עולם בכל לבבך.

---

— מאַמע! — איז פעסל, זלמנס טאָכטער, אַריין אין שטוב מיט אַ גוואַלד — ס׳פערד איז געפּגרט!

— אוי, וויי איז מיר! — איז שיינדל געוואָרן צעטראָגן. — וואָס טוט מען?

מאַמע און טאָכטער האָבן זיך געבראָכן די הענט און נישט געוואוסט וואָס מען טוט. דערווייל זיינען אָנגעלאָפן שכנים, געבליבן שטיין ביי דער הילצערנער גרויסער קאַמער, וואו ס׳איז געלעגן מיט די פיס פאַרוואָרפן, ווי פראַגע־צייכנס, ס׳געלע ביינערדיקע פערדל, געשאָקלט מיט די קעפּ, גערעדט צווישן זיך און יעדער איז אַוועק צו זיך אין שטוב.

— גוט שבת! — איז זלמן געקומען שוין נאָך האַלבן טאָג און זיך גענומען וואַשן, מוצא מאַכן. עפּעס האָט ער דערקענט, אַז ס׳איז נישט אַלץ ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. די טאָכטער אַ ביסל פאַרוויינט; ס׳ווייב — דעסגלייכן.

— וואָס איז? —האָט ער געפּאָרשט מיט זיינע בליקן.

מאַמע און טאָכטער האָבן זיך איבערגעקוקט, נישט געוואָלט מצער זיין זלמנען, האָבן זיי גענומען זאָגן תרוצים און געוואַרט די נאַכט זאָל צופאַלן. אָן אייביקייט האָט זיך געצויגן דער האַלבער טאָג. מאַמע און טאָכטער זיינען געווען פיל מיט ווייטיק, מקנא געווען דעם טאַטן, וואָס ער ווייסט נישט פונעם אומגליק, איז זיך דאָרט רואיק צווישן אַלע אידן אין בית־המדרש און דינט דעם אויבערשטן. שיינדל, ווי יעדן שבת, נאָר מיט מער צעבראָכנקייט, האָט גענומען זאָגן „גאָט פון אברהם" און דערביי איינגעהאַלטן דעם קוואַל פון טרערן, וואָס האָט איר גענומען שטיקן און ווערגן, בכדי נישט צו פאַרשוועכן דעם הייליקן שבת, וואָס גייט אַוועק און די נייע וואָך וואָס קומט אָן מיט ברכה און הצלחה. די טאָכטער איז געזעסן שטיל און נאָכגעזאָגט אין זיך אין די הייסע געבעטן פון איר מאַמען.

— גוט וואָך! — איז זלמן אָנגעקומען, געמאַכט ליכטיק און גענומען מאַכן הבדלה. צום סוף גענומען טינקען זיינע הענט אין דעם איבערגע־גאָסענעם וואַסער־ווייַן און געשטעקט זיי אין די הויזן־קעשענעס.

עטלעכע מינוט האָט אָנגעהאַלטן אַ ווייטיקלעכער שטילשוויַיגן, ביז מאַמע און טאָכטער האָבן אויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין און דערציילט זלמנען וואָס ס'האָט זיי געטראָפן. אַ מאָדנער שוויים האָט זלמנען באַ־דעקט. ער האָט אָנגעהויבן ווי שטאַמלען. די ווערטער האָבן זיך געלייגט ווי שווערע שטיינדלעך אונטער זיין צונג. ער איז אַ לויף געטון צו דער טיר, זיך אַ רגע פאַרהאַלטן און ווידער געלאָפן צוריק, ווי איינער וואָס ווערט חסור־דעה. ווען ער איז צוגעקומען צו דער גרויסער שטאַל־טיר, איז ער ווי רואיקער געוואָרן, געשטאַנען שטום און באַטראַכט דעם טויטן פערדישן גוף, וואָס איז געלעגן מיט די פאַדערשטע פיס פאַרדרייטע, ווי פראַגע־צייכנס. האַ? — וואָס זאָגסטו, באַלעבאָס מיינער? — זלמן האָט דערפילט, אַז עפּעס ווערט אים לויז ביים האַרצן. דאָס האָט נישט גע־מאַכט אַזוי דעם פערדס טויטע פּאָזע, ווי דאָס פינצטערע מזל שפּילט אים צו. אָט, אַז זלמן האָט שוין ליגן אַ פּאָר זלאָטעס, ווי ס'מאַכט זיך מיט זיין איינציקער טאָכטער, אפשר אַ שטיקל שידוך — נאַ, קומט אַ צרה און זאָגט לאַ!. נאָר אַז ס'ווייב האָט גענומען וויינען הויך אויפן קול, איז זלמן געוואָרן ביי זיך עפּעס שטאַרק און אַ געשריי געטון:

— גענוג! ווייַן נישט, דו אידענע, מען טאָר נישט, ווייל יעדער איינער מענטש, חיה און אַלע גאָטס באַשעפענישן זיינען אויסגעשטעלט

צו דעם! שוין גענוג אַפּגעקומען אויף דער וועלט. אפשר — האָט ער גענומען רעדן ווייכער, מיט הארץ, — אפשר האָט חלילה עפּעס געהאָנ־גען איבער אונדזערע קעפּ? זאָל עס זיין אַן אַפּקומעניש פאַר אונדז אַלע, פאַר אונדזער משפחה און פאַר כל ישראל. נו, — האָט ער אויסגעצויגן זיינע ביידע הענט.

שיינדל האָט, זיפצנדיק, נאָכגעזאָגט איר מאַנס ווערטער, ווי ווייבער אין שול זאָגן נאָך דעם חזן: — אַן אַפּקומעניש פאַר אונדז און פאַר כל ישראל, אָמן!

* * *

חיים גאָלדזאַץ

# טשמעליוו

(אַ בילד)

שטיל און ציכטיק, ווי אַן אויסגעצוואָגן אידיש קעפּל ערב שבת, ליגט זיך דאָס שטעטל טשמיעליוו. גאַסן, געסלעך און אַ גרויסער רחבותדיקער מאַרק, וואָס בערגלט און טאָלט. אין מיטן מאַרק — אַ ברונעם מיט אַ גרויסער הילצערנער ראָד, וואו קינדער שפּילן זיך און פּילן אָן דעם אָרום מיט געפּילדער. אַ שטעטל פול מיט אידישע באַלמעלאָכעס, אַמ־מייסטן שניידער, עטלעכע געוועלבלעך און אַ פּאָרצעליי־פאַבריק, וואו ס'אַרבעטן עטלעכע הונדערט אַרבעטער, פון וועלכע ס'שטעטל ציט איר חיונה. אַ סך באַלמעלאָכעס דינגען ערב זומער סעדער, בכדי עפּעס צו פאַרדינען אויף אָפּצושפּאָרן חתונה צו מאַכן טעכטער, וועלכע פעלן נישט, ברוך השם, אינעם שטעטל. יונגוואַרג זאַמלען זיך אין די שבתים נעבן איינציקן בית־המדרש, דיסקוטירן, ווער וועגן ציוניזם און גאָר אַ גרויסער טייל וועגן פרייהייט פאַר אַלע פעלקער.

געקומען צו גאַסט צו מיין פעטער וואָלף און מומע שרה־מירל, וועלכע האָבן געהאַלטן אַ סאָד אויף וועלכן זיי האָבן אויסגעקוקט ס'זאָל זיין מזל־ברכה, גייען מיר, אין אַ וואָכעדיקן נאָכמיטיק, קיין בזשיסטאָווע. דער טאָג איז אַ וואַרעמער, דאָס שטעטל ליגט אויסגעפּוצט מנוחהדיק, ווי ס'וואָלט זאָגן: ווער עס וויל רוען, עטעמען פרישע לופט — קומט צו אונדז! קומענדיק נאָך דער טומאה, וואו עס ציט זיך דער שאָסיי קיין אָסטראָווצע, מיט צוויי רייען באַקרוינטע ביימער, בלייבט אַ רגע שטיין מיין פעטער און נעמט רעדן בזה הלשון:

— כ׳ווייס נישט ווי אזוי די מעטנשן האַלטן אויס אין דעם פּאַר־קאַפּטשעטן אַסטראָווצע. נאָר מען לויפט, מען יאָגט, אַ געטראַסקעריי, אַז מען קען דול ווערן. ווען כ׳קום פון אַסטראָווצע, טוט מיר דער קאָפּ וויי. נו, — מאַכט ער און אומקרייז מיט דער רעכטער האַנט — קוק זיך אַרום. פעלדער,ביימער, דאָס אויג ווערט נישט מיד פון קוקן. עפּעס זעטיקט דיך אַזאַ געשמאַקער ריח, עפּעס אַזוי פיל הימל אַרום דיר, ערשט דאָס געשווישטשעריי פון די פייגל — אַי, ווי פיין און טייער! ניין? וואָס זאָגסטו צו דעם?

מיין פעטערס גרויסע, פריידיקע בליקן אַרום זיין שיין שטעטל, אַרום זיינע פעלדער, ביימער גייען מיר נאָך שוין היפּשע יאָרן, און עס ווייטיקט אין מיר זיין גרויסע ליבע צום שטיקל אָרט, וואו ער איז גע־בוירן, ווי ער האָט עס ליב געהאַט און נישט מיד געוואָרן עס צו באַ־וואונדערן, ווי אַלע אידישע איינוואוינער אירע. און די רוצחישע שכנים האָבן עס געוואוסט? צי האָבן זיי פאַרמאָגט אין זיך די געמאַכטע ברכות איבער דעם שיינעם רחבותדיקן הימל? זיי האָבן געהאָלפן אומברענגען די שטילע שכנים זייערע, וואָס האָבן געזונגען אין זייערע הערצער אַ שטילן שיר השירים צו זייער שיין, שטיל שטעטל.

* * *

ליב פילץ

# אַסטראָווצע

„הזורים בדימה ברינה יקצורי"

ייִ אַן עמיד האָש האָט געלויכטן דער ישוב,
באַשטראַלט און באַווירקט די שטעטלעך אַרום:
אַפּט און שענע, קינעוו און דענקעוו
האָבן זיך געדראַפּעט אין שווערן נאָכקום.

סטאַשעוו און באָזיכעוו, באָגריע און איוואַנצק,
האָבן זיך געגרויסט מיט הייזער און מאַרק;
נאָר ווער האָט געקענט כאַפּן דעם אימפּעט
פון טייך, פון ליאַס, דעם ברייז און באַרג?

ווי אין הייסן קעסל האָט געזאָטן דאָס לעבן
פון אַלטע און יונגע דורות באַזאַכט,
פון פרומער געטריישאַפט, עבודת הבורא
ביז ליכט - סאָציאַליזם אין שטומער נאַכט.

און איצט האָט דער קבר דאָרטן פאַרשלונגען
זקנים און מאַמעס, קינדער און קייט.
פאַרטיליקט געוואָרן פון חייהשע יונגען,
דורות פאַרשניטן אין טיף און דער ברייט.

פאַרזייטע געבליבן קערנער פון לעבן;
וואו נאָר ישוב איז דאָ אויף דער וועלט
וועט אויפגיין געזונטע, זוניקע שפּראָצן,
צו אַ נייַ און פרייַ לעבן — אויפגעשטעלט.

וואו מייַן טאַטנס, מייַן ברודערס, מייַן שוועסטערס געביין איז,
איך ווייס נישט פון ווען און וויים נישט פאַרוואָס;
נאָר איך בין דאָ און דורות וועלן קומען,
און אַז מיר לעבן — זייַנען מיר באַלעבאָס.

נישט קיין שום המן און אויך נישט קיין היטלער
צעשטערן וועט קענען אונדזער לעבן און קראַפט;
ווער ס'האָט געזייעט מיט האַרץ און מיט טרערן,
דער וועט שניידן מיט געזאַנג און מיט האָפט.

ה. מ. קודלאָוויטש

# אַ חורבה

א חורבה שטייט ביי מיין פענצטער.
דער הימל קוקט אזוי ברייט אריין.
פאַרשוואַרצטע ווענט שטייען אין טרויער,
דורך לעכער קומען מעת־לעתן צוגיין.

זיצן זיי אין חורבה, ווי אבלים,
מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ צום דיל.
ערגעץ וואו ליגן צעבראָכענע כלים,
וואָס וויינען פאַר זיך אין דער שטיל.

פארבלאָנדזשעט א פויגל ווען אהער,
און שטעלט זיך אויף אָט אזא וואַנט, —
צעעפנט זיך ברייט זיין שנאָבל ווי א שער,
און אנטלויפט פאַר שרעק׳ און פאַר שאַנד...

א חורבה שטייט ביי מיין פענצטער.
דער הימל קוקט אזוי ברייט אריין.
פאַרשוואַרצטע ווענט שטייען אין טרויער,
דורך לעכער קומען מעת־לעתן צוגיין.

ה. מ. קודלאָוויטש

# פאַר קל-נדרי

ערב יום־כּורדיקער פּחד זיצט אין גאַס און אין הייזער.
די מאַמע ביי ליכט־בּענטשן וויינט און בענטשט די קינדער.

די געסלעך ווערן ליידיק. די זון פאַרגייט אין פלאַמען, —
אין שאָטן און שטראַלן געהילט גייט אַ קינד מיט אַ מאַמען.

די אַלטע שול איינגעטונקט אין ליכט, ווי אַ ריזיקע מנורה,
און אין שול־הויף נעמט יעדן איינעם דורך אַ הייליקע מורא.

די שול און בתי־מדרשים באַלקאָנען מיט ווייבער זיינען פול.
אונטן — געדרענג פון יונג און אַלט נעבן טירן פון שול.

טרעגער, קצבים פלעכטן פון הענט פון ביידע זייטן אַ קייט, —
ווי אַ ווינט צווישן זאַנגען — אַ זשומעריי — דער רבי גייט!

דער געוויין רעשט, ווי וואַסער אויף רעדער פון אַ מיל, —
אין פאָליש חיים כלי־זמר, וויינט פאַר זיך אַליין שטיל.

קיטלען און טליתים געהילט, תּפילה־זכה יעדער איינער זאָגט, —
אין אויגן פינקלען טרערן. איטלעכנס נשמה וויינט און קלאָגט.

אין באַלעמער אַ קלאַפּ, ששש! די וועלט ווערט שטיל, — מיטאַמאָל: —
אור זרוע לצדיק — זינגט צאַרט אויס אַ סאַמעטענער קול . . .

## ה. מ. קודלאָוויטש

# מיין הימן

דעם אָנדענק יצחק בערגערן

איך האָב לידער פיל אָנגעשריבן,
פון מיין פרייד און מיין טרויער.
מיר איז נאָך פיל פאַרבליבן
אַ ניט דערמויערטער מויער.

איך וועל היינט מיין הימן זינגען,
ווי אַ פויגל אין פרילינג־מאָרגן.
זאָל מיין ליד צו מענטשן, לאַנד, קלינגען. —
וואָס ברענגען אַ ניי ליכט דעם פרימאָרגן!

און געבענטשט זאָל זיין דער גאָט,
וואָס האָט מענטש, לאַנד אַזאַ באַשאַפן;
וואו אמת, יושר און גענאָד, —
טאָג אויס, טאָג איין ווערט געשאַפן.

מיין האַרציקסטן גרוס צו די אַלע,
וואָס גייען בראַוו די טעג אַנטקעגן,
און טראָגן דאָס ליכט, דאָס גרויסע,
ווי פייגלען פרילינג אויף וועגן.

ה. מ. קודלאָוויטש

# אַן עליה

(לעגענדע)

די אַלטע אָסטראָווצער שול
איז אַלע נאַכט מיט מתים פול.
עס רוישן זייערע תפילות,
ווי ביינאַכט די שטאָטישע וואַסער־מיל.
אַזוי האָט דערציילט אַמאָל סרוליע —
דער וואַסער־טרעגער:
„איינמאָל מוצאי־שבת־נאַכט,
האָב איך שפּעטלעך וואַסער
צו מיינע באַלעבאַטים געבראַכט.
בין איך פאַרבייגעגאַנגען פאַר דער אַלטער שול,
הער איך, ווי מען רופט מיך אויף:
— יעמוד רב ישראל בן אברהם שישי!
האָב איך גלייך די קאַנען מיט וואַסער
געלאָזן שטיין, און אַוועק צום רבין מיט געוויין.
דערציילט די זאַך, ווי עס איז געשען.

— רבי, רבי, וואָס זאָל איך טאָן?...
דער רבי זאָל לעבן, האָט אַ ווײַלע געטראַכט,
און גלייך מיך געהייסן אויספירן די זאַך.
— נאַ דיר מיין טלית און מיין שטעקן.
— גיי, און זאָלסט זיך גאָרנישט שרעקן!
— מאַך די ברכות, ווי עס באַדאַרף צו זיין,
— און אויף הינטערווייַלעכטס זאָלסט אַרויסגיין.

— אָנגעקלאַפּט דריי מאָל אין דער טיר פון שול,
און אַרויפגעגאַנגען צו דער בימה.
געמאַכט די ברכות שטיל.
געהערט אַ בעל־קורא לייענען די פּרשה, —
פינסטער איז געווען אַרום,
נאָר מים אין טליתים פיל״...
— — — — — — — — — — — — —
נאָך דער דאָזיקער מעשה־נורא,
זאָגט מען, האָט סרוליע געהאַט אַ זון,
וואָס איז אויסגעוואַקסן אַ בן־תורה...

* * *

ה. מ. קודלאָוויטש

# אָפּקלאַנגען

עס הענגט א שבתדיקער, פּאַרנאַכטיקער אומעט
איבערן קליינעם פּוילישן שטעטעלע טשמעלאָף
די גלות־שכינה האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט, —
קינדער האָבן אויפגעהערט זייער שפּיל־געלאַף.

אהרון בעדער דאַוונט מנחה און ציט די ווערטער,
איינטאָניק זינגט ער דעם מנחהדיקן נוסח
פון אתה אחד, ושמך אחד, ומי כעמך ישראל! — — — —
אַן עדה אידן כאַפּן אונטער די ווערטער מיד און שוואַך.

מרה־שחורההדיקע שאָטנס באַזעצן זיך אין שול־הויף,
און מען גייט ביחידות א היים פּראַוועון שלש־סעודות;
עס בלייבן א מנין אידן אין ווינקל אַרום א טיש,
מ'עסט... מ'זינגט די שלש־סעודותדיקע זמידות.

קינדער דערציילן זיך מעשות פון גהינום און גן־עדן,
און פון הימל בליקט אַריין דער מעריבדיקער שטערן, —
טובלט זיך אין דער בלויקייט פון דער שטומער נאַכט.
די צייט ציט זיך, אַן אייביקייט, ווייל אוים ניט ווערן...

ה. מ. קודלאָוויטש

# ביים ספר

ס׳שלאָפט נישט
רב יעקב אַלטער
אין די נעכט
פון טויזנט נייןהונדערט־פערצן
און טויזנט־ניין־הונדערט־פופצן.
אין די נעכט —
זיצט ער געבויגן ביים ספר,
לערנט און זאָגט,
זיפצט און קרעכצט אונטער,
ברומט מיט א ניגון, וואָס קלאָגט.
ווי דער כנור ביי דורס פענצטער: —
„הן־עם לבדד ישכן ובלוים לא יתחשב״ —
וויל ער ווייטער ציען דעם פסוק —
„מי מנה עפר יעקב״ — — — —
צי וואָס? —
טייטשט ער:
ווייסט דען ווער די אימה
פון דער איינזאַמער אומה,
וואָס רעכנט זיך נישט צווישן פעלקער?!

מישט ווייטער,
זוכט פסוקים
צווישן פרושים, —
אי, אי, אי,
אוי, אוי, אוי,
גיסט זיך דאָס מרה־שחורהדיק געזאַנג
צווישן די כוואַליעס שאָטנס אינעם הויז
און אַרוים
ווייט, ווייט אַרויף צו דעם שטערן גאַנג,
און אין דער פינצטערער נאַכט אַריין.
ווידער דער געדאַנק
מלחמות, הרוגים, —
אַ וועלט טרינקט זיך אין בלוט!
— וואו איז דער ברעג?
אי, אי, אי,
אוי, אוי, אוי!
מסירות אידן אַרויסגעטריבענע.
אַ שרעק!
פאַרשטעלט ער פונעם לעמפּל דעם שיין.
די שעה זאָל נישט זיין,
מע קאָן נאָך זאָגן אַ מרגל?
די טריבע שוואַרצע אויגן אינעם ספר
דערזעען: „בנפל ישמעל אָז יצמח בן דוד".
נישט פילנדיק, צופּט רב יעקב אַלטער
אויס אַ האָר פון דער גרויער באָרד,
מיט צערטלאַכקייט, לייגט ער זי אַריין —
אינעם ספר.



ה. מ. קודלאָוויטש

# אַזוי טויזנטער יאָר

מיר דוכט
כ׳לעב שוין אזוי טויזנטער יאָר,
ווי אין חלום און נישט אויף וואָר.

כ׳בין געווען
ביים באַרג סיני מיטן גאַנצן פאָלק,
געלעבט אַ מדבר לעבן אָן אַ טאָלק,
געמאַכט דעם עגל פון ווייבעריש גאָלט
און פאַרשטיינערט עכנען דעם יאָלד.

דעם כנעני,
דעם פּלישתי פאַרטריבן פונעם לאַנד,
געדינט דעם בעל, געקושט זיין האַנט.
צעבראָכן געצן פאַר אהוה אונדזער גאָט.
אויסגעפירט עלישעם און יהואס געבאָט.

געזעסן
ביי די טייכן פון בבל, געזונגען, געבענקט
נאָכן לאַנד, וואָס יהוה האָט אונדז געשענקט, —
מיט די גולים געגאַן מיט פרייד און אין וויי,

געקעמפט
קעגן העלעניזם און אנטיוכוס דעספּאָט,
געוואָרן מאַרטירער פאַר אמונה און גאָט.
באַטייליקט אין חשמונאים ברידער־קאַמף,
אריינגעפאַלן איז לאַנד אין רוימקראַמף...

מיר דוכט,
כ׳לעב שוין אזוי טויזנטער יאָר,
ווי אין חלום און נישט אויף וואָר.

יהושע אורכאס

# חורבן אָסטראָווצע

אָסטראָווצע מיין געבורט־שטאָט מיין געוועזענע היים,
פארשטומט ביסטו איצט, אף אייביק בלייבסטו שטום,
טויט ליגן גאַסן — צעוואַלגערט אַ הויפן ציגל־ליים
נאָר איין שטיבל שטייט פאריתומט — געבויגן קרום...
כ'קוק אף אויסגעקרימטע פענצטער צעפלאצטע שויבן,
וואו געלעבט האָט דאָ — דער אלטער רב לייביש — אין שטיבל.
כ'זע א בלאַס פאַרקלערט פּנים מיט טיפע ברייטע אויגן,
אָפּגעברענטע שמות וואַלגערן זיך אין שימל...
דערמאָן איך זיין ווייס־זילבער באָרד, אין יענעם טאָג דעם שטילן
ווען די מאמע האָט דאָס ערשטע מאָל אין שול מיך געפירט;
אַן אַלטער האָט געברומט א גמרה־ניגון —
און תלמידים — שווייגנדיק האָבן אים געהערט...
אָ, וויסט איז איצט דאָס הייזל, עלנט זי געבליבן,
— שוואַרץ שטייט אַ שטן, מיט צוויי וואונדן אין די אויגן,
— מיט זיינע הענט האָט ער די לעצטע שמות צעגויפגעקליבן
און מיט א ניגון אין טרויער געזעצט איינגעבויגן...
אָ רבי, וואו איז די שול? די תלמידים? די אידן?
און איר, איר וואו זענט? אייערע צוויי ווייסע זאָקן?
א שטן — א פארבלוטיקטע לבנה נעמט מיך פירן,
איבער די ערד וואו קברים אָפענע, דערציילן זאָגן,
— פון א יישוב, וואָס שטענדיק רואיק גאָר באשיידן
געלעבט, געלערנט, און מיט מי געטון פלאנצן,
אָפּגעהאקט בלייבט א שטים — מערער קאָן זי דערציילן,
א שרעק נעמט מיך ארום — ס'פיבערט ערד אינגאנצן!...
פיבערט איינזאמקייט אין מיר וועמען ארומנעמען —
און פארלאָשן ווערט אין מיר יעדער האָף און טרוים...

זאָלן קברים אזוי מיין הארץ פארקלעמען,
און אַש, זאָל טראָגן זיך אין ווייטן רוים?...
איז אַף וועלכע בערג? אָדער גאָר אַף טורעם־הייזער,
האָבן ווינטן אייך פארטראָגן ערגעץ וואו אין וועלכע הייפן?
און איך נאָר א מענטש, און כאָטש איך בין ניט איינער
קאָן מיט העכסטן לייטער, אַף קבר־אבות נישט דערגרייכן...
פארמאך איך מיינע אויגן און זע נאָך היינט, מיר דוכט, זיי —
אין וואגאָנען, געפּאקטע, ווי הערינג, אָנגעלאָדן...
כ'האָב פונווייטן אזיע - ערד ניט געזען, ניין!
— די לעצטע גסיסע־טעג און ווען אין בלוטן זיך געבאָדן...
מיין פאָלק, האָט הימלען געשפּארט מיט וואָלקנס־רויך, מתים —
און צעעפנט ברייט מיט רעש טויערן, גן־עדן,
טויזנטער א נאכט. עס קומען, ס'גייען המונים —
שאָטנס גרויע — יונג און אלט — קדושים, קדושים!!!
אנטפּלעקט זיך פאר מיר דער טויט פון יונגן העלד—וואסערמאן
ווי א ליכט גייט ער אויף, און בלענדט אין אויגן —
און דאָס העלדיש שטאַרבן פון די ברידער — שטיין —
שטייענדיק אין זייערע גריבער... אָבער קעפּ — ניט געבויגן...
אזוי פארשוואונדן זיינען אידן פון מיין היים אָסטראָווצער־שטאָט
געבליבן
געסלעך רוישינדע און גאסן — א חלום בלויז געבליבן,
און א רעשטל... איבער וועגן איז ערגעץ וואו צעזייט, פאריאָגט,
פארטריבן...
— א מנין... דאָ און דאָרט און באווייגען די טעג, ווען צעשטערט און
ליגט די ערד אַזוי אויסגעלערט, פאַרייניקט אין אַ שווייגן,
און א פרעמדקייט מיך באפאלט, ניט צו דערקאָנען אָרט פון געבוירן,
נאָר שטיינער קוקן נאָענט — און גייען מיר אנטקעגן,
נאָר פארגליווערט זיי קוקן ווי זיי וואָלטן מיין קינדהייט דערציילן...
אָ שטיינער, זאָגט! איז מיין מאמע דאָ געלעגן פארכאלעשט
ווען געזען זי האָט אירע קינדער שליידערן אין וואגאָן?...
אָבער גאָר זי האָט איר בלוט דאָ פארגאָסן, און אזוי געפאלן
געפאלן, איז זאָגט אַף וועלכע פון אייך? אַף וועלכן!
אָ איר שווייגט, ווי איר וואָלט אויבעט וועלן טרויערן
— אַף אייך האָבן שפּעטער די שענדער העלדיש געטראָטן!...
— אָבער צו שפּעט געקומען — הערן זיך ווערטער קרעכצן
און באדויערן...
ניט דערלעבט דאָס צו זען... האָט אויך מיין מאמע!
איז באוויז זיך פאר מיר מאמע, כ'וועל דיך זען כאָטש אין חלום.
אָט אזוי דאָ־אָ — אַף דעם בערגל וואו דו האָסט יאָרן לאנג
מיך געשפּאנט.

און אַרום דיין קלייד — באַהאָפטן זיך דיינע קליינע, קליינע בנים—
און דו גלעטנדיק האָסט זיי ארומגענומען מיט דיינע צארטע הענט...
אָ' כ'וועל ניט זען שוין דיין ליכט־בענטשן אין די פרייטיק־
פארנאכטן —
מיט הענט פארקנייטשטע אפן פנים האָסטו — שטיל געוויינט—
כ'געדענק זיי די פאַרנאכטן צודי ליכט־צינדן —
האָסט זיך צעקלאָגט אזוי, ווי געזען דו וואָלסט דעם חורבן היינט...
צעקלאָגט זיך און באַגאָסן מיט טרערן אָפט דאָס בערגל,
ווען אין שיל אריין ביסטו שטיל כליפּנדיק דאָ דורכגעגאנגען
און א שפּלדיקע — באשיידן געשטעלט זיך מיט דעם סידור
אין א ווינקל...
אזוי פשוט געלעבט, אָבער ניט פשוט ביסטו אונטער פלאמען
אויסגעגאנגען!...
— א שטילע טויב האָט געלעבט, געטראָגן דעם ווייטיק
אין הארצן —
...א נר־תמיד האָט געברענט — אף איר פנים אויסגעצויגן —
טרויער פון יונגן־טאטנס טויט — אן אייביקער שמערצן
אָ ערד, ביסט מיט טרויער דורכגעזויגן,
...ווייל מיין פאָטער, ניט דערלעבט צו זען דעם גרויסן חורבן —
צוריק מיט יאָרן האָבן פּאָליאקן באוויזן ווער זיי זיינען
אין דעמבעוואָלע־וואלד אים פארנאכט, און פון א טויטן איד,
אָרעם געלט גענומען
און מיט בלוט אף הענט געלאָזט אין וועג זיך ווידער, שטילן
דורכגייער פאר א קרבן!
— זיי, זיי האָבן דעם ערשטן טרויער שטיין אף מיין יונג
הארץ געלייגט,
די אידן ווי יעסוימים האָבן דעמאָלט נאָך געוויינט...
און שפּעטער האָט מיט זיי דער דייטש, די גאנצע עדה...
צום טויט געטריבן —
וואו מיין מאַמע אינדערמיט מיט אירע קינדערלעך — זיבן...
אָ) מיינע טייערע ברידער — הארציקע שוועסטער —
כ'געדענק ווען מיט הוילע פיסלעך געשפּילט זיך אין זאמד,
און שפּעטער אין די שולן געשפּאנט, אומעטיק מיט גע־
באָרגטע ביכלעך
און לוסטיקע געקומען מיט די פּיפּטלעך אין די הענט...
און ברויט געגעסן דאָס ראַזעווע — קארטאָפל מיט אפּעטיט —
ארום דעם טיש צען געזעסן און די מאמע אינדערמיט
און די זון האָט געוואָרפן אירע שטראלן—ביימלעך אזוי צעבליט...
ביז געקומען מורהדיק איז דער המן אין גרוילנדע טריט!
זיצט דאָס בערגל — אַזוי פאַריינזאַמט — שטיל פאַרשטומט

און הערט זיך צו ווי עס וויינט די ערד דעם קלאָג־ליד —
א לעצט מאָס אויס
קרום פארקרומט —
ווי דאָס שטיבל פאריתומט איינגעהילט אין טרויער —
און זאָגט ווי ריידן ס'וואָלט געקאָנט: געווען א ישוב — א
אידיש לעבן דאָ, און — אויס...
אָ הארץ מיינס, דערשטיק אין זיך דיין געוויין! שטאַרק זיך,
זיי געשטאַרקט!
און לאָז ברענען די טרויער־ליכט... נאָר הענט העכער הויב
— טראָג מיט זיך דיין פולע ברוסט דעם צאָרן, ניט דערוואָרג,
שטאַרקער, שטאַרק!
און מיט א ־שארפן אויסגעשטרעקטן בליק, זאָל זיין דיין
יעדער שפאַן...
ס'איז דעם תליון נאָך ניט באצאָלט געוואָרן פאר זיין ארבעט,
אָ, ניין!
כ'זע נאָך אלץ א וועלט פאר זיך הפקרדיק — מיט אומרעכט!
און קארגט א מערדער־קאָפּ אין גערראנגל מיט זיך פאר איר
אונטערגיין...
און קומען כ'זע: א וועלט וואו מערדער פון אלע עקן... וועלן
זיין געמישפּעט.
און דאַן, וועסטו אויך דיין האנט אראָפּלאָזן אף דעם תליונס קעפּ!..
כאָטש כ'וויים, אז א נקמה פאר אונדזער בלוט קאָן גאָר ניט זיין!
נאָר הענט מוזסטו פלעכטן, דיינע— צווישן מיליאָנען אין צעפּ —
און א מצבה זאָל אף חורבן שוין איינמאָל אף אייביק שטיין!!!

יהושוע אורבאַם

# ווען די נאַצי־בעסטיע האָט זיך געלאָזט אויף פּוילן

כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די לעצטע טעג פון מיין לעבן אין אָסטראָווצע. גרופּעס אידן זאַמלען זיך צונויף דאָ און דאָרט אונטער די פענצטער וואו עס הערט זיך נאָר ראַדיאָ. מענטשן, וועמען עס האָט קיינמאָל נישט אינטערעסירט די ראַדיאָ־נייעס, זיינען געשפּאַנט און פעלן נישט אויסצוהערן פּונקט צו דער צייט די ראַדיאָ־קאָמוניקאַציעס.

אַזוי האָט אויסגעזען די שטאָט אין די לעצטע טעג פאַר דער מלחמה.

די שמאָלע געדיכטע געסלעך: טילנע, זאַטילנע, מאַלאַ, נאָוואַ און אַ שטיק סטאַראַ קונאָוווסקאַ האָבן באַקומען גאָר אַן אַנדערן אויסזען. און טראָץ דעם, וואָס די באַוועגונג פון מענטשן אין די גאַסן איז געווען אַ פולע, האָט אַלעמען אַרומגענומען אַ מאָדנע שטילקייט, ווייל מיט אַנגסט האָט מען זיך געריכט אויפן אָנקום פון אַ שטורעם!...

ס׳איז דער ערשטער סעפּטעמבער, דאָנערשטיק אָוונט. די ראַדיאָ־הילכער הערן נישט אויף צו גרילצן מיט מלחמה־דראָאונגען פון דער ברוינער בעסטיע און ענגלאַנד הערט נישט אויף צו טרייסטן, צוזאָגנדיק צו געבן הילף פאַר פּוילן...

— וואָס זאָגט איר, — הערט זיך אַ שטים פון אַן אַלטן איד, וועלכער וויל זיך קלאָר מאַכן די נאָר־וואָס אויסגעהערטע ראַדיאָ־ידיעות — וועט זיין מלחמה?

— עס וועט זיין מלחמה, ווייל ענגלאַנד וויל זי!

— האָט זיך געהערט אַ זיכערער ענטפער פון אַ ברייט־פּלייציקן יונגנמאַן.

— און מיר ווייסן די כונה פאַרוואָס ענגלאַנד שטופּט היטלער־דייטש־לאַנד קעגן פּוילן... — האָט ער צוגעגעבן.

הערנדיק אַזעלכע רייד, גייט אונדז יעדן דורך אַ שוידער, ווי הויפנס מוראַשקעס וואָלטן אונדזערע קערפּערס געביסן. און אייניקע האָבן גע־פּרואווט זיך אַליין טרייסטן: „אפשר, אפשר"...

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען דעמאָלט זיך גערעדט אין גאַס, וואַרטנדיק אויף די „לעצטע ידיעות", וועלכע האָבן אַלץ פאַרשטאַרקט די געשפּאַנטקייט פון צווייפל און האָפענונג...

ישראל, מיינער אַ שכן, אַ פרומער, פּשוטער איד וואָס האָט גע־פירט אַ חדר ביי זיך אין הויז, אַ מלמד, האָט נאָך אַלץ זיך גערעדט פאַר זיין טיר. זייער שווער איז אים געווען אַריינצוגיין שלאָפן.

— אויב מלחמה, וואָס וועט זיין פון מיינע קינדערלעך? נישט שוין־זשע וועט די וועלט אונדז לאָזן אויף הפקר?! און אפשר וועט דער שונא־ישראל אונדז אומברענגען, נישט שאַנעווען אָט די יונגע תלמידים? — האָט ווי אַ פאָרגעפיל, אַ שרעקלעכע נביאה דעמאָלט פון אים אַרויס־גערעדט.

דער זייגער ווייזט שוין נאָך איינס. די עלעקטרישע סלופּעס בלייבן אַליין. אַ קאַלט ווינטל האָט אַ יאָג־געטון אויף די הענגנדיקע לאָמפּן, האָט זיי אַ וויג געטון הין און צוריק און די זיך באַוועגנדיקע שאָטנס האָבן די מענטשן דערמאָנט, אַז ס'איז שוין צייט צו גיין שלאָפן...

צומאָרגנס גאַנץ פרי איז צו מיר אין שטוב אַריינגעקומען מיין חבר נח שערמאַן, אויפגעוועקט מיך פון שלאָפן און געפרעגט צי כ'האָב נאָך נישט געהערט די היינטיקע נייעס.

— וואָס איז? — האָב איך, אויפכאַפּנדיק זיך, אַ פרעג געטון.

איך האָב דערקענט אין אים, אַז עס האָט עפּעס געמוזט געשען אי־בערראַשנדיקס.

— ס'איז מלחמה! — האָט ער קורץ געענטפערט.

איך האָב אַ ציטער געטון, הערנדיק די דאָזיקע ווערטער און גלייך זיך גענומען אָנטון.

מיין מאַמע איז אין שטוב שוין נישט געווען. ווייזט אויס, אַז זי האָט שוין פריער געוואוסט די „גוטע בשורה" און האָט מיך נישט גע־וואָלט אויפוועקן, ווי ס'איז די טבע פון אַ מאַמען.

אַרויסגייענדיק פון שטוב צו דער אַרבעט, האָב איך דער מאַמען גע־טראָפן פאַר דער טיר מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. איך האָב אויף איר אַ

קוק געטון. זי איז פאַר מיר אויסגעוואַקסן מיט אַ געל, פאַרקנייטש פּנים און מיט צעשראָקענע אויגן. איך האָב זי געגומען טרייסטן:

— מאַמע, די מלחמה וועט אוודאי לאַנג נישט דויערן און אַלץ וועט זיך אויסלאָזן צום גוטן.

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט צער און ביי זיך געטראַכט דאָס, וואָס יעדע מוטער טראַכט אין אַזאַ צייט, קוקנדיק אויף איר אונטערגעוואַקסענעם געזונטן זון...

אַדורכגייענדיק דאָס טילנע געסל, וואו פישער און גרינס־הענדלער האָבן געפירט זייער האַנדל אין די ערב־שבתדיקע און ערב־יום־טובדיקע טעג, האָב איך געזען ווי יעדער שטעלט זיך אויף זיין פּלאַץ ווי שטענדיק. אָבער דאָך האָט אַלץ באַקומען אַן אַנדער אויסזען. עפּעס האָבן געפעלט די שטענדיקע אויסגעשרייען פון די הענדלער: „קויפט, ווייבער, ביליק און גוט"... אַלע מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, אַלץ איז מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן. די שטענדיק באַרערעוודיקע מיילער, די קיינמאָל נישט איבערקלייבער אין זייער מאַרק־לשון זיינען מיטאַמאָל ווי פאַרשלאָסן געוואָרן. און דאָס האָט געגעבן אַ בלאָסן אויסזען דעם ערשטן אין דער פּרי פון נאַציישן אָנגריף אויף פּוילן.

אַרום 10 אַזייגער האָט זיך דערהערט דאָס געוויש פון דייטשע באָמבאַרדירער איבער אונדזערע קעפּ. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעריי, יעדער האָט געזוכט ערגעץ אַ ווינקל וואו נאָר ער האָט געקענט, אפילו אין די אָפענע אויסגעגראָבענע סכאָזעם זיינען מענטשן גלאָפן, מיינענדיק אַז דאָס וועט זיין אַ גוט באַהעלטעניש.

ג. גראָמאַן, ביי וועמען איך האָב דאַן געאַרבעט, האָט פאַר שרעק פאַרמאַכט די לאָדנס. און זיצנדיק אין דער טונקלקייט האָט זיין דער־וואַקסן יינגל אַ זאָג געטון:

— איצט דערפילן מיר אויף אונדזער אייגענער הויט דאָס, וואָס דאָס שפּאַנישע פאָלק האָט דורכגעמאַכט!

באַלד דעם ערשטן טאָג זיינען ביי אונדז אין שטאָט געפאַלן קרבנות פון דער דייטשער באָמבאַרדירונג. די מלחמה זייעט פייער און פאַרניכ־טונג. די דייטשע חילות מאַרשירן פאָראויס. דעם זעקסטן סעפּטעמבער האָט מען שוין געהערט, אַז אָט־אָט, נאָך היינט, קומט דעם שונאס מי־ליטער אין אונדזער שטאָט. עס באַווייזן זיך פּוילישע מיליטערלייט אויפן קינעווער וועג, לויפנדיק פון קיעלץ. אַ סך פון זיי, מיט פאַרבונדענע וואונדן, זיינען געלאָפן מיט די אַנדערע, נישט קוקנדיק אויף זייער לאַגע.

פיל פון אונדז, אָסטראָווצער, זיינען מיט זיי מיטגעלאָפן. וואוהין? — קיינער ווייסט נישט. און באַלד ווערט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער אָסטראָווצער מאַגיסטראַט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יונגע מענער וואָס זענען פעאיק צו מיליטער־דינסט זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט און זיך פאַרנעמען אויפן וועג קיין לובלין.

צי איז דאָס איז געווען ריכטיק אָדער נישט, האָבן מיר, עטלעכע נאָענטע חברים: נח, זינגער און איך באַשלאָסן זיך לאָזן אין וועג אַריין.

ס'איז שוין נאָכמיטיק־צייט. עס הויבן זיך אָן באַוויזן גרופּנווייז מענטשן. יעדער טראָגט אַ רוקזאַק אָדער סתם אַ פּעקל און שפּאַנט. עס האָט זיך דערהערט דאָס געזעגנען זיך מיט האַרצרייסנדיקע סצענעס אין אַלע עקן שטאָט. אַלע האָבן געציטערט פאַר שרעק אַריינצופאַלן אין מער־דערס בלוטיקע לאַפּעס. דערזעענדיק דאָס בין איך אַריין אין שטוב און געבעטן מיין מוטער איר הסכמה אויף מיין וועיטן, בלינדן וועג.

— וואוהין?! — האָט זי פאַרקלעמט אַ זאָג געטון.

— וואו אַלע! מסתמא וועט זיין דער וועג צום גוטן. — האָב איך איר געפּרואווט באַרואיקן.

מיין מאַמע האָט אויף מיר געקוקט און געשוויגן. אַ פּאָר מינוט איז זי אַזוי געשטאַנען פאַרגליווערט און אומבאַוועגלעך. שפּעטער האָט זי מיט ציטערנדיקע הענט גענומען מיר גרייטן אַ פּעקל. שלינגענדיק שטיל אירע טרערן האָט זי מיר דערלאַנגט דאָס פּעקעלע וועש און שטיקנדיק אין זיך דאָס געוויין, האָט זי קוים אַרויסגעזאָגט:

— טו ווי דו פאַרשטייסט, מיין קינד! און גיי!

אַ פאַרקלעמטע איז זי אַזוי געשטאַנען און נישט אַראָפּגענומען פון מיר אירע אויגן. שטיל האָבן עפּעס געשעפּטשעט אירע ליפּן, געבענטשט מיך.

כ'האָב זיך נישט געקענט געזעגענען מיט מיין מאַמען. איך געדענק אפילו נישט, צי כ'האָב איר דערלאַנגט די האַנט. שטום האָב איך געקוקט אויף יעדן ווינקעלע פון שטוב, דעם לעצטן בליק געוואָרפן אויף מיין פאַרצערטער מאַמען און בין אַרויס פון שטוב.

מיטן פאַרלאָזן מיין היים האָב איך שוין מער נישט געזען דאָס טייערסטע וואָס אַ מענטש האָט ווען אַ מאָל געהאַט — אַ מאַמע!...

מיינע חברים האָבן שוין אויף מיר געוואַרט אינדרויסן. מיר האָבן זיך אַ לאָז געטון צווישן המון, געגאַנגען רייענווייז אין גאָר קליינע גרופּעס און אָפּגערוקט איינע פון די אַנדערע, בכדי די חיהשע אַנגעפליען

זאָלן אונדז נישט דערטאַפּן. נישט געקוקט אויף אונדזער פּאָרזיכטיקייט, איז באַלד אונדזער וועג באַמבאַרדירט געוואָרן. איך האָב פאַרליורן מיינע חברים, ווייל יעדער האָט זיך פאַרשטעקט הינטער אַן אַנדער בוים אין וואַלד. שפּעטער אַביסל זיינען מיינע צוויי קוזינען, וואָס זיינען מיט מיר מיטגעגאַנגען, צוריק אַהיים. זיי האָבן חרטה באַקומען. איך בין געבליבן אַליין. כ׳האָב זיך אַלץ מער און מער דערווייטערט און מיטן דערווייטערן זיך — האָט זיך פון מיר דערווייטערט דער חורבן פון מיין שטאָט, מיין היים.

כסדר שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס ברויזנדיקע לעבן אין שטעטל, וואָס האָט געראַוישט מיט איר זאַפּטיקן אידישן לשון. און אייביק וועט בלייבן איינגעזאַפּט טיף אין האַרץ דער טרויער, דערמאָנענדיק זיך אין דעם.



דאָס פּלאַץ וואו ס'איז געווען די שול און די בתי מדרשים

סימאָן לערמאַן

# אָסטראָווצע אונטער די דייטשע נאַציס

וואָס דערציילט יחיאל מאיר לערמאַן פון זיינע איבערלעבונגען פון די אידן פון אָסטראָווצע און אומגעגנט אונטער היטלערס רעזשים? ווען איך זאָל שרייבן וועגן אַלץ, וואָלט איך געדאַרפט זיך פאַרנעמען טעג און נעכט און וואָלט נישט געקענט ענדיקן. דער מוח קאָן נישט פאַרנע־נען און דאָס האַרץ קען נישט אויסהאַלטן דאָס, וואָס די נאַציס האָבן געטאָן מיט אונדז. איך וועל זיך באַמיען דאָ איבערצוגעבן אין קורצן, און אויך נישט אַלע אכזריותן וואָס די נאַציס האָבן געטאָן. לויט דעם וואָס עס האָט מיר דערציילט מיין איינציק איבערגעבליבענער ברודער און זיין זון לוי, פון מיין גאַנץ גרויסער פאַמיליע וואָס כ'האָב געהאַט אין פוילן.

ס'איז געווען פרייטיק אינדערפרי, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, ווען עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פּראָבע־אַלאַרם. מיר האָבן דעמאָלט נאָך נישט געוואוסט פון קיין קריג אין פוילן. נאָך מיטיק אין זעלבן טאָג, הערן מיר אַז דייטשלאַנד האָט דערקלערט קריג, און זיי זיינען שוין אַרי־בער די פוילישע גרענעץ. שבת קומט אָן אַ ידיעה, אַז די דייטשן געפינען זיך שוין אין טשענסטאָכאָוו. מיר זעען שוין אין די גאַסן פּלאַקאַטן, אַז אַלע מענער ווערן גערופן צו מאָביליזירן זיך. מאָנטיק אינדערפרי ווערן שוין אַלע מענער מאָביליזירט און זיי ווערן גלייך געשיקט צום וואָקזאַל אָפּצופאָרן נאָך סאַנדאָמיעזש, און נאָך איידער די מאָביליזירטע שטייגן איין אין צוג, ווערט גלייך באָמבאַרדירט די באַן סטאַנציע און זיי קע־נען שוין מער נישט אָפּפאָרן.

פיל מענער האָבן זיך גלייך געלאָזט לויפן צום לובלינער קאַנט.

דינסטיק זיינען שוין די דייטשן געווען אין וויערזבניק, צומאָרגנס, מיטוואָך, האָבן זיך שוין אַלע אידן אויסבאַהאַלטן אוים מורא פאַר גרוויזאַמקייטן. דעם זעלבן טאָג האָבן מיר שוין געהערט ווי עס קלאַפּן דייטשישע שטיוול און אויך זייערע טאַנקען. אין די גאַסן האָט מען מורא געהאַט צו גיין. אין דער זעלבער נאַכט האָבן זיך די נאַציס צעלאָזט ווי ווילדע חיות, איבערגעפאַלן און ראַבירט אידישע געשעפטן.

פרייטיק האָבן זיי געשאָסן 7 אידן אין גאַס און דערנאָך געצוואונ־



**לעצטער אָסטראָווצער רב ר׳ יחזקאל האלשטאק זצ״ל, זון פון רב ר׳ מאיר־יחיאל הלוי**

גען זייערע פאמיליעס אונטערצושרייבן, אז מען האט זיי געשאסן צוליב פאראט צום דייטשישן מיליטער.

מיין לוי איז אראפגעגאנגען פון מיין וואוינונג, רינעק 22, אין הויף, האט גלייך אויף אים געצילט א נאצי, און אים געוואלט דערשיסן. צום גליק איז פונקט געווען אנוועזנד דער וועכטער פון דעם הויף בזימעק, האט ער דעם דייטש אנגעכאפט ביי זיין ביקס און איז געזאגט, אז דאס איז א פויליש אינגל און אזוי אים געראטעוועט.

זונטיק האט זיך גלייך געשאפן א יודען־ראט ביי גראבאלסקין אין הויז, אונטער דער פירערשאפט פון יאסקע ראזמאן (הענעכס זון), וואס האט באלד אנגעהויבן צו פונקציאנירן. דאס ערשטע פון זייער ארבעט איז געווען דאס, וואס מען האט באשטימט א קאנטריבוציע, וועלכע מען האט געמוזט באלד באצאלן. איך האב אויך גלייך איינגעצאלט די סומע וואס מען האט מיר געשטעלט, א סומע פון א פאר טויזנט זלאטעס, וואס איז געווען גענוג גרויס. דעמאלט האבן זיך מענטשן אנגעהויבן באוועגן אין גאס, מערסטנס פרויען, וואס זיינען געגאנגען איינצאלן די קאנטרי־בוציע געלטער אין ראט. די אידישע ראטמענער זיינען געווען פון די ערשטע, וואס האבן זיך אנגעהויבן באוועגן אין גאס מיט זייערע אפציי־כענונגען און מגן־דודים אויף די הענט. זיי האבן גלייך געשאפן א אי־דישע פאליציי, וואס האבן אויך געטראגן די זעלבע צייכנס אויף די הענט, זיי זאלן העלפן איינמאנען ביי די אידן די קאנטריבוציע, וואס זיי האבן געשטעלט און אויך האבן זיי געצוואונגען צוצושטעלן פארשידענע סחו־רות. אזוי האט אנגעהאלטן די ערשטע פופצן טעג.

באלד האט מען ארויפגעלייגט א פרישע קאנטריבוציע און גלייך האבן די נאצים פארנומען צען אידן, צווישן זיי אויך מיין שוואגער יחיאל קעסטענבערג, אלס משכנות, און אויב עס וועט נישט גלייך איינגעצאלט ווערן דאס געלט ווערן די צען אידן דערשאסן. די קאנטריבוציע איז גע־ווארן באלד איינגעצאלט און די צען אידן זיינען באפרייט געווארן. אזוי האט זיך געפירט וואך נאך וואך, אלע מאל פרישע קאנטריבוציעס. און מען האט געמוזט איינצאלן. פאר נישט וועלן איינצאלן די סומע וואס מען האט ארויפגעלייגט, האט מען דעם איד גענומען צו די ס. ס. און אים געשלאגן ביז טויט.

דעם 3טן נאוועמבער 1939 זיינען צו אונדז אין שטאט געקומען אלע פויזנער אידן, וועלכע מען האט פון דארט ארויסגעטריבן. די אלע אידן האבן גדארפט ווערן איינגעארדנט ביי די אסטראווצער. אויך איך האב

זיך אַליין געמאָלדן צום יודן־ראַט, אַז איך נעם אַריין אין מיין שטוב, וואו איך וואוין צוויי פאַמיליעס פון די איינגעוואַנדערטע אידן, און זיי האָבן זיך ביי מיר איינגעאָרדנט.

עס איז אויך אַרויס אַ געזעץ, אַז יעדער איד וואָס האָט אַ געשעפט מוז אים האַלטן אָפן. מיין געשעפט האָבן געפּנט מיינע קינדער איך בין נאָך געווען אין שטוב און מורא געהאַט צו קומען אין גאַס, ווייל אידן מיט בערד האָבן זיך נישט געטאָרט באַווייזן עפנטלעך. אַז מען האָט געטראָפן אַ איד מיט אַ באָרד אין גאַס, האָט מען אים זיין באָרד אָפּגעהאַקט מיט אַ באַגנעט און דערצו געשלאָגן ביז טויט.

אָנהייב 1940 איז אַרויס אַ געזעץ, אַז מאַנופאַקטור, לעדער און פאָ־דים, וואָס געפינען זיך אין די אידישע געשעפטן, טאָרן נישט ווערן פאַרקויפט, זיי מוזן ווערן פאַרעגיסטרירט. און קעדיי צו קענען פאַרקויפן עס מוז מען האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון מאַגיסטראַט. דערנאָך איז דערשינען נאָך אַ געזעץ, אַז אַלע אידן מוזן אַרבעטן, און אַלע באַ־זיצער פון אייגענע הייזער, וואָס זייער איינקונפט איז מער ווי 200 זלאָ־טעס אַ חודש, פאַלן אַרונטער אונטער דעם קאָנטראָל פון שטאָטישן קאָמיסאַר און מען דאַרף זיי צאָלן דירה־געלט, ד. ה., אַז איך האָב גע־מוזט צאָלן דירה־געלט פון מיין אייגענער שטוב, וואו כ'האָב געוואוינט. און יעדעס מאָל איז געקומען אַ פרישע קאָנטריבוציע, וואָס מען האָט געמוזט איינצאָלן.

אַזוי האָט זיך געפירט עטלעכע מאָנאַטן. אין דער זעלבער צייט האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסע עפּידעמיע פון טיפוס־קראַנקייט און עס זיינען אומגעקומען אַ סך אידן. מיין עלטערע טאָכטער הענדל איז אויך אומ־געקומען פון דער עפּידעמיע פון 1940. אין דער צייט האָבן די ס. ס. איינגעזעצט יאָסקע ראָזמאַן.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה מיטן ראַטנפאַרבאַנד, איז געקומען אַ באַפעל, אַז יעדער איד מוז טראָגן אַ געלע לאַטע מיטן מגן דוד אויף דער האַנט. אַלע אידן וואָס וואוינען אין דאָרף מוזן אויסוואַנדערן און קומען אין שטאָט; אַז אַלע אידן וואָס האָבן פוטערנע מאַנטלען ווערט עס ביי זיי רעקוויזירט, און אַלע פוטערס מוזן ווערן געבראַכט אין יודען־ראַט אָוועקצוגעבן עס די דייטשן. און גלייך מיט אַ וואָרענונג: יעדער איד, ביי וועמען מען וועט געפינען אפילו אַ שטיקל פון אַ פוטער, וועט דער־שאָסן ווערן. עס איז טאַקע דערשאָסן געוואָרן דער אידישער פאָליציימאַן בוימשטיין, ווייל מען האָט געפונען ביי זיינעם אַ פוטער ביי זיינעם אַ

קריסטאַלן וועכטער. דעמאָלט איז דער יודן־ראַט אַריבער אין הויז פון די הענים און פרעזעס איז געוואָרן ראַבינשטיין.

דעם 28טן אַפּריל, 1941, באַפאַלן די ס. ס. אַ סך אידישע הייזער און נעמען אַרויס ביי 70 אידן: סוחרים, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן; צווישן זיי דר. וואַכאַלדער, שטאַם, פאַנצערס, די ביינערמאַנס, שמעון פישמאַן און זין א״א. און זיי גלייך געשאָסן לעבן זייערע שטיבער. די פאַמיליעס זיינען נאָך געצוואונגען געוואָרן צו אונטערשרייבן, אַז זיי זיינען געווען קאָמוניסטן און דעריבער האָט מען זיי געשאָסן.

דעמאָלט האָט מען שוין אָנגעהויבן אָנזאָגן אַלע אידישע דאָקטוירים, וואָס האָבן געאַרבעט אין נישט־אידישע שפּיטעלער, אַז מען באַפרייט זיי פון דער אַרבעט און זיי זאָלן מער נישט קומען... מען האָט זיי דערלויבט צו מאַכן אַ אידישן שפּיטאָל. דעם אידישן שפּיטאָל האָט מען געמאַכט אין בית־המדרש. עס איז אויך אַרויס אַ געזעץ, אַז יעדער דייטש אָדער פאָלקס־דייטש, אויב אים געפעלט אַ אידישע וואוינונג, קען קומען אין מאַגיסטראַט נאָך אַזאַ מין דערלויבעניש און ער באַקומט עס. אין דער דערלויבעניש האָט זיך געזאָגט, אַז דער איד מוז פאַרלאָזן זיין וואוינונג אין פופצן מינוט צייט און עס איז אים דערלויבט מיטצונעמען בלויז דאָס וואָס ער קען נאָר מיט זיינע הענט פאַרטראָגן, און דער דייטש קען צו־נעמען די וואוינונג.

אין אַ מאַרק־טאָג, וועלכער איז פאָרגעקומען דעם 10טן דעצעמבער פון יאָר 1941 זיינען אַרומגעגאַנגען ציוויל־געקליידטע דייטשן, באַגלייט פון פוילישע פאָליציי, אין די אַלע אָפענע אידישע געשעפטן מיט אַ דערלויבעניש צו רעקווירירן אַלץ וואָס זיי האָבן געפונען: מאַנופאַקטור, לעדער, ביינוואָל א. אַ. וו. די געשעפטן פאַרמאַכט און צוגענומען די שליס־לען.

פאַרמאַכנדיק די געשעפטן האָט מען אויך נאָך געמוזט צאָלן די קאָנטריבוציעס, צום יודען־ראַט, געלט פאַר די ס. ס., אַז מען זאָל האַלטן די אָרדענונג, מען זאָל נישט שיסן קיין מענטשן אין די גאַסן, אַזוי ווי די נאַציס האָבן זיך געהאַט צוגעוואוינט ביי יעדער געלעגנהייט, אויב מען האָט נישט געגעבן.

נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס קיין אָסטראָווצע איז געקומען אַ איד פון וואָלבראָם, וואָס האָט זיך געקענט מיט די דייטשן, וואָס האָבן רעקווי־זירט די געשעפטן, האָט ער געפועלט ביי דעם קאָמיסאַר „האַרי״, אַז מען זאָל זיי צוריק עפענען, און די אידישע אייגנטימער פון די גע־

שעפטן זאָלן ווערן אָנגעשטעלטע אין די זעלבע, זיי זאָלן נישט דאַרפן זוכן קיין אַרבעט אויף אַנדערע ערטער, ווייל יעדער איד האָט דעמאָלט געמוזט אַרבעטן. פאַרשטייט זיך, אַז די זאַך איז נישט דערליידיקט געוואָרן אומזיסט און דאָס האָט דעם אידן־ראַט נישט געשמעקט, וואָס אַ פרעמדער איד מישט זיך אין די געשעפטן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען דעם איד גערופן צו די ס. ס. און מען איז געוואויר געוואָרן, אַז מען האָט אים שפּעטער געשאָסן.

דעם 1טן יאַנואַר 1942 איז אַרויס אַ פריש געזעץ, אַז אידן טאָרן נישט וואוינען אין דער גאַנצער שטאָט, נאָר זיי מוזן פאַרנעמען אַ טייל



יחיאל מאיר לערמאַן, פרוי און קינדער פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1939

פון דער שטאָט, ד. ה. אין אַ געטאָ. דאָס געטאָ איז גלייך געשאַפן געוואָרן פון מאַרק און אַ טייל, דרילזער און קינאָווער גאַס, און דער אידישער בית־עולם איז אויך אַריין אין דעם געטאָ. דאָס אַלץ האָט מען צוגעטיילט פאַר אַ באַפעלקערונג פון 15.000 אידן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין שטאָט אָסטראָווצע. אַף די זעלבע גאַסן זיינען געווען אוזעלכע אויפשריפטן: פאַר פאַרלאָזן דעם געטאָ דראָעט טויט־שטראָף. עס זיינען באַלד געווען קרבנות, ווייל מענטשן האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ צו דערליידיקן געוויסע זאַכן, וואָס איינער האָט נאָר געדאַרפט דורכפירן אויסער דעם געטאָ. מיט די אידישע קרבנות האָט זיך פאַרנומען די אידישע

פּאָליציי, וואָס האָט זיי אויפגערוימט. עס איז ביז דעמאָלט געווען ביי פּערציק אידישע פּאָליציאַנטן, און די אידן, וואָס האָבן געאַרבעט אויסער דעם געטאָ, זיינען געוואָרן באַגלייט צו דער אַרבעט פון דער אידישער פּאָליציי.

עס זיינען אויך פאָרגעקומען געוויסע כאַפּענישן פון מענטשן, ווען מען האָט געזאָגט, אַז מען וועט זיי שיקן צו דער אַרבעט, אָבער וואוהין מען האָט זיי געשיקט האָט קיינער נישט געוואוסט. די פּאָליציי איז אויך אַלע מאָל געקומען אין די אידישע הייזער און רעקווירירט וואָס זי האָט נאָר געוואָלט: דאָס מעבל, קליידונג, וועש, אדג"ל, אַלץ פאַר די דייטשן.

מיט דריי מאָנאטן שפּעטער קומט אָן די ערשטע ידיעה פון לובלין און אומגעגנט, אַז פון דאָרט ווערן אַרויסגעשיקט אידן, און מען ווייסט נישט וואוהין. מיט א מאָנאט שפּעטער איז די זעלבע ידיעה געקומען פון וואַרשע. דערנאָך דאָס זעלבע פון ראַדאָם, קיעלץ, פון אומעטום ווערן אַרויסגעשיקט אַלע אידן און מען ווייסט נישט וואוהין. מיר האָבן גע־מיינט, אַז עס האַלט שוין ביי אונדזער שטאָט אָסטראָווצע. דער אידן־ראַט האָט דעריבער געפּאָדערט נאָך מער געלט, כדי אָפּצושטופּן די גזרה. מען האָט צוגעזאָגט, אַז אונדזער שטאָט וועט זיין פון די לעצטע אַרויס־צושיקן די אידן, ווייל דאָ האָבן די ס. ס. צו זייער דיספּאָזייציע אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט. אין דער צייט האָט שוין קיין שום איד נישט געטאָרט האַנדלען. אַלע האָבן געמוזט אַרבעטן און האָבן אָן אַרבעטס־קאַרטע פון א דייטשער פאַבריק, און די, וואָס האָבן נישט געקענט האָבן אַזאַ אַרבעטס־פּלאַץ אין שטאָט האָט מען אַוועקגעשיקט קיין סטאַרכאָ־וויץ אָדער סקאַרזשיסק. דאָרט איז געווען פיל ערגער. איך האָב זיך באַ־מיט אין דער אייזן־פאַבריק פון שטאָט צו באַקומען א קאַרטע און האָב זי באַקומען פאַר מיין זון לוי כאָטש ער איז נאָך געווען מינדעריעריק. אין דער פאַבריק האָבן שוין געאַרבעט ביי די זעקס הונדערט אידן. איך האָב געקריגן אַרבעט ביי דעם דייטש יעגער הינטער דער שטאָט. די אַר־בעט איז באַשטאַנען פון מאַכן „סטאַווים" צו כאַפּן פיש פאַר די דייטשן. אין דער פאַבריק פון אייזן האָבן עלטערע פון 25 יאָר נישט געטאָרט אַרבעטן. איך האָב נאָך געדאַרפט שאַפן אַן אַרבעטס־קאַרטע פאַר מיין פרוי רבקה און מיינע צוויי קינדער, יצחק און איידל. נאָר אַזוי ווי דער אידן־ראַט האָט זיך פאַראַנטוואָרטלעך אויך צו שאַפן א שאָפּ פון פאַר־שידענע אַרבעטן פאַר די דייטשן, כדי מענטשן זאָלן קענען דאָ פאַר־בלייבן און מען זאָל זיי נישט דאַרפן אַוועקשיקן. צו אָרגאַניזירן דעם

# אָסטראָווצע









די שארית הפליטה באַזוכט דעם מאַסן קבר פון די אידן, וואָס זיינען

# נאָכן חורבן









אומגעבראַכט געוואָרן בעת דער ערשטער אויסזידלונג אין נאָוועמבער 1942

שאפּ האָט מען גענומען ביי די רייכע אידן פיל געלט דאַרויף. האָב איך זיך באַמיט, אַז כ'זאָל קענען דאָ באַקומען אַן אָרט פאַר מיין פרוי און קינדער. אָבער דער סוף איז געווען, אַז דער אידן־ראַט האָט זיך נישט געקענט באַזאָרגן מיט דער געהעריקער דערלויבעניש פון דער העכערע־מאַכט, און דער שאַפּ האָט זיך נישט איינגעגעבן, האָב איך זיך אָנגעהויבן באַמיען צו באַקומען פאַר זיי אַרבעטס־פּלעצער אין באָדזעכאָוו. כ'האָב זיך פאַרשטענדיקט מיט א. א. קערבעל און אים באַצאָלט פאַר אַריינ־לאָזן אין די אַרבעטס־פּלעצער און פאַר די אַרבעטס־קאַרטן פאַר מיין פרוי און צוויי קינדער. ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט עס זיכער באַקומען, אַז מיין פרוי און קינדער זאָלן קענען אַרבעטן אין באָדזעכאָווער פאַבריק. ער האָט געהאַלטן אין איין צוזאָגן, אַז ער וועט די דערלויבעניש ברענגען.

דעם 10טן אָקטאָבער 1942, דאָס איז געווען אין אַ שבת, האָבן מיר באַמערקט, אַז די אידישע פּאָליציי פירט אַרויס זייערע פרויען קיין באָ־דזעכאָוו, מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די לאַגע האָט זיך פאַרערגערט. דעם זעלבן טאָג 5 אַזייגער פאַרנאַכט, האָבן מיר געהערט, אַז די ס. ס. איז אין אידן־ראַט, וואָס איז דעמאָלט געווען ביי די הענעס אין הויז. פרעזעס פון אידן־ראַט איז געווען דעמאָלט רובינשטיין, די ס. ס. פאָדערט פון דעם אידן־ראַט עטלעכע קילאָ גאָלד, קאַפע, ראָם, און אין פאַל דאָס וועט נישט געגעבן ווערן, וועט פאָרקומען דאָס ערגסטע, און זיי שיסן אויס אויף וויוואַט אין דער הויך אויף אָפּצושרעקן. דער אידן־ראַט האָט גלייך אַרויסגעשיקט אין שטאָט די אידישע פּאָליציי זיי זאָלן צוזאַמענ־רופן די רייכע אידן. אין שטאָט ווערט אַ גרויסע בהלה. מענטשן כאַפּן זיך אַרויס אין גאַס און פאַרנעמען שנעל אויטאָס צו פאָרן קיין באָדזעכאָוו אויף דעם אַרבעטס־פּלאַץ. מיין פרוי און קינדער קענען נישט אַרויס, ווייל זיי האָבן נישט באַקומען די אַרבעטס־קאַרטעס, וואָס מען האָט פאַר זיי פאַרשפּראָכן צו ברענגען. זיי פאַרבלייבן אין שטאָט. אין דער זעלבער נאַכט האָבן מיר געהערט ווי דאָס מיליטער מאַרשירט אין מאַרק, קלאַפּנדיק מיט די שטיוול:

אין שטאָט איז פינצטער, די שויבן זיינען פאַרהאַנגען מיט שוואַרץ פּאַפּיר, אַז דאָס ליכט זאָל נישט קומען אין גאַס אַריין צוליב מורא פאַר באָמבאַרדירונגען. ווי נאָר ס'איז טאָג געוואָרן, האָבן מיר געזען ווי דער געטאָ איז שוין באַוואַכט פון אוקראַאינישׁ מיליטער אין שוואַרצע מונדירן און זיי לאָזן אַפילו צו דער אַרבעט אויך נישט גיין. עס איז פאַראַן אַ

פאַראָרדענונג, אַז קיינער טאָר נישט פאַרלאָזן זיין שטוב, דער וואָס באַ־ווייזט זיך אין גאַס ווערט דערשאָסן. מיר האָבן געזען, אַז מיר זיינען אַלע פאַרפאַלן. איך, מיין פרוי און קינדער האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ פינצטער שטיבל.

זונטיק אינדערפרי, דעם 11טן אָקטאָבער 1942, איז אַרויס אַ באַ־פעל, אַז אַלע אידן זאָלן זיך פרעזענטירן אין מאַרק. די אידישע קראַנקע פון די שפּיטעלער האָט מען גלייך דערשאָסן. די מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַרבעטס־קאַרטן האָבן זיך געשטעלט אויף פּלאַריאַן־פּלאַץ. צווישן זיי איז אויך געגאַנגען מיין זון לוי, וואָס האָט געהאַט אַן אַרבעטס־קאַר־טע און די מענטשן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעטס־קאַרטן זיי־נען געבליבן אין מאַרק.

פאַרנאַכט־צו איז געקומען דער קאַפּיטאַן פון דער אייזן־פאַבריק און אַרויסגעלייענט די נעמען פון 620 מענטשן, וואָס האָבן פריער גע־אַרבעט ביי אים. ער האָט זיי גענומען צו זיך אין דער פאַבריק אַריין, צווישן זיי איז אויך געווען מיין זון לוי. די איבעריקע מענטשן וואָס זיינען געווען פאַרזאַמלט אין מאַרק האָט מען אַוועקגעפירט הינטער דער שטאָט אויף איין פּלאַץ. מיר האָבן שוין געוואוסט, אַז דאָס איז די אויסזיידלונג, כדי צו מאַכן אויך אָסטראָווצע אידן־ריין. שפּעטער איז דורכגעפירט געוואָרן אַ הויז־זוכונג, אין וועלכער עס האָט זיך אויך באַ־טייליקט די אידישע פּאָליציי, און וועלכן איד מען האָט געפונען באַ־האַלטן, איז גלייך דערשאָסן געוואָרן.

איך, מיין פרוי און די קינדער זיינען מיר אַזוי געלעגן באַהאַלטן אין דעם קליינעם פינצטערן שטיבל, צוליב ענגשאַפט, איינער אויף דעם צווייטן. כ׳האָב געהערט ווי מען קומט צו מיר אין שטוב און מען זוכט. יעדע שלעכטע באַוועגונג האָט געקענט קאָסטן אַלעמענס לעבן.

מאָנטיק ביינאַכט בין איך אַרויס פון דער באַהעלטעניש, אַרויף אויף דעם בוידעם כאַפּן אַביסל לופט, ווייל עס איז שוין אוממעגלעך געווען דאָרט צו זיין. איך בין דאָרט פאַרבליבן ביז אינדערפרי. איך האָב באַמערקט, אַז אין מאַרק איז שטיל. כ׳האָב אויך באַמערקט ווי עס דרייען זיך אַרום אידישע פּאָליציי.

דינסטיק בין איך ווידער געגאַנגען אויפן בוידעם, כדי צו באַטראַכטן די שטאָט. איך זע ווי אידישע פּאָליציי פירט עטלעכע אידן מיט פעקלעך אויף די פּלייצעס פון דער דרילזער גאַס, וואו עס איז געווען דער אידן־

ראַט צום מאַגיסטראַט, וואו ס׳איז געווען דער אַרבעטס־אַמט, האָב איך באַשלאָסן, אַז מיר מוזן אַרויס פון דער באַהעלטעניש.

מיטוואָך אינדערפרי זיינען מיר אַלע אַרויס פון דעם פינצטערן שטיבל אויפן הויף, מיט דעם געדאַנק, אַז מיר זאָלן קענען צוקומען צום אידן־ראַט צו קריגן אַן אַרבעטס־פּלאַץ. אַרויסגייענדיק פון מיין הויף, רוף איך צו אַ אידישן פּאָליציי־מאַן, ער זאָל אונדז פירן צום אידן־ראַט. ווייל אַליין גיין האָט מען נישט געקענט, צוליב דער געפאַר דערשאָסן צו ווערן פון יעדן פּאָליציי־מאַן אָדער ס. ס. דער פּאָליציי־מאַן קומט צו און בעט פאַר דעם פיר טויזנט זלאָטעס. איך גיב אים. אָבער באַלד דער־קלערט ער מיר, אַז ער קען אונדז נישט פירן היינט, ווייל די מענטשן, וואָס מען האָט צוזאַמענגענומען זונטיק אַוועקצושיקן, ליגן נאָך הינטער דער שטאָט און מען שיקט זיי היינט אַוועק. איך האָב איינגעשטעלט און געגאַנגען מיט דעם פּאָליציי־מאַן און מיין פרוי און די קינדער זיינען צוריק אַריין אין דער באַהעלטעניש. איך האָב געטראַכט: אפשר וועל איך באַקומען די צוגעזאָגטע אַרבעטס־קאַרטן קיין באָדזעכאָוו.

איך קום צום מזרחי־פּלאַץ, וואָס איז געווען אויף דרילזער גאַס, און טרעף דאָרט שטיין אַ גרויסע רייע מענטשן, וואָס געפינען זיך נאָך פון זונטיק אָן. צווישן זיי איז אויך דאָ מיין שוואָגער יחיאל קעסטענבערג, וואָס דערציילט מיר, אַז די וואָס האָבן די קאַרטן פון פריער מוזן אויך ווערן נאָכאַמאָל אונטערגעשריבן און דאָס דאַרף קאָסטן פריש געלט ביי דער אידישער פּאָליציי, זי זאָל דאָס צוהעלפן. איך הייב אָן נאָכזוכן וועג־מען, וועמען עס זאָל דאָס מיר טון, און איך כאַפּ זיך אַריבער דורך די פעלדער צום אידן־ראַט און דאָרט טרעף איך נאָך מער מענטשן, אַ סך פרויען און קינדער מיט זייערע פּעקלעך אין די הענט. אויך געפינט זיך דאָרט אידישע פּאָליציי. באַלד זיינען אָנגעקומען צוויי ס. ס. לייט און שלעפּן גלייך אַוועק די קינדער פון די עלטערן. זיי נעמען זיי אין אַ באַזונדער אָרט. נעבן מיר אין דער ריי שטייט אויך דער ראש־ישיבה פון אָסטראָוועצ, ר׳ מרדכי און ער האָט אויך געהאַט מיט זיך זיין קינד. ער האָט געוואָלט אויסבאַהאַלטן זיין קינד. ער האָט עס צוגעדעקט מיט דער פּאָלע פון זיין מאַנטל. די רוצחים האָבן דאָס באַמערקט, זיינען די ס. ס. צוגעגאַנגען צו אים, אַוועקגעשלעפּט דאָס קינד און אים האָבן זיי גלייך געשאָסן מיט צוויי קויל אין קאָפּ. ער איז געפאַלן אַ טויטער נעבן מיר. איך האָב זיך זייער דערשראָקן. פון ווילדקייט בין איך צוריק געלאָפן אויף דעם מזרחי־פּלאַץ און האָב שוין דאָרט געפונען מענטשן, וואָס האָבן

שוין געהאט אונטערגעשריבענע קארטן. די ס. ס. לייט זיינען אויך גע־קומען אהער טון דאָס זעלבע: זיי האָבן גענומען די קינדער און אַריינגע־וואָרפן אין אַ קאמער און צו די עלטערע מענטשן, וואָס זיינען דאָרט געווען האָבן זיי געשריגן: מארשירן! און קיינער טאָר נישט מער פאַר־לאָזן דאָס פּלאַץ. די אידישע פּאָליציי שטעלט אונדז אוים אין אַ שורה און רינגלט אונדז אַרום. נישט האָבנדיק מיין אונטערגעשריבענע קאַרטע, און ווייל איך האָב נאָך נישט געקענט דערליידיקן פאַר מיין פרוי און קינדער, האָב איך זיך צוריקגעהאַלטן און זיך נישט אריינגעשטעלט אין דער רייע, אפשר וועט מיר געלינגען זיך צו באַהאַלטן. דאָס האָט דערזען דער אידישער פּאָליציאַנט זייפמאַן און ער האָט מיר דערלאַנג אַ שטאַרקן קלאַפּ פון הינטן. כ'בין אריין צוריק אין דער רייע. אזוי זיינען מיר גע־גאַנגען צום אַרבעטס־אַמט. דאָרט האָב איך נאָכאַמאָל געטראָפן לייביש זייפמאַנען און איך האָב אים געפרעגט וויפל ער וויל, ער זאָל מיר דער־ליידיקן דאָס אונטערשרייבן מיין אַרבעטס־קאַרטע. ער האָט געפאָדערט צען טויזנט זלאָטעס, כ'האָב אים געגעבן זעקס טויזנט זלאָטעס און צוגע־זאָגט, אַז כ'וועל אים די רעשט שפּעטער צוגעבן. שפּעטער האָב איך געזען דעם דייטש יעגער, ביי וועמען איך האָב פריער געאַרבעט, היינט איז ער געקומען מיט אַ דערלויבעניש, אַז ער מעג צו זיך נעמען אויף אַרבעט 100 מאַן. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיך נעמען און ער האָט מיך פאַררעכנט צווישן די 60 מענער און 40 פרויען. מען האָט אונדז אַוועק־געפירט אויף דער ציגעלנע פון „גלאָוואַצקע" און אזוי אַרום האָב איך באַקומען צוריק מיין אַרבעטס־קאַרטע. איך האָב געטראַכט, אַז איצט וועל איך שוין ווייטער קענען עפּעס טאָן פאַר מיין פרוי און קינדער. איך האָב זיך געזען מיט דער סעקרעטאַרין פון דעם פּלאַץ, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט די אידישע אַרבעטער. זי איז געווען אַ קליענטקע פון מיין געשעפט. איך האָב איר געבעטן, אַז זי זאָל מיר זען ברענגען די אַרבעטס־קאַרטן פון באַדזעכאָוו פאַר מיין פאַמיליע, וואָס זי האָט מיר צוגעזאָגט דאָס צו דערליידיקן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט געווען פאַר אומזיסט. פּרייטיק אינדערפרי האָט זי מיר געזאָגט, אַז ביינאַכט פאָרט זי קיין באַדזעכאָוו, נאָר 4 אַזייגער האָט זי מיך געשיקט רופן פון אַרבעטס־פּלאַץ אין איר ביוראָ אריין און זי האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט געזען מיין פרוי מיט יצחקן און איידלען פירן צו דער באַן, אַוועקגעשיקט צו ווערן, און זי האָט שוין נישט נאָך וואָס צו פאָרען. דערהערנדיק דאָס, בין איך גלייך אַוועקגעפאַלן. ווען איך בין געקומען

צו זיך, בין איך געווען ווי געליימט. איך בין געבליבן איינער אליין, די פרוי און צוויי קינדער שוין אוועקגעשיקט און פון מיין זון לוי האב איך נישט געוואוסט וואו ער געפינט זיך, ווייל פון דער אייזן־פאבריק האב איך נישט געהאט קיין שום ידיעס. שפעטער האב איך זיך קאמו־ניקירט, דורך דער פארמיטלונג פון א קריסט, מיט דער אייזן־פאבריק און האב זיך דערוואוסט, אז לוי ארבעט דארט. איך האב אים צואוויסן געגעבן, אז מען האט שוין אוועקגעשיקט אונדזער גאנצע פאמיליע.. צע־טומלט פון דער ידיעה האט ער געליטן אן אקצידענט ביי דער ארבעט און ער איז געלעגן עטלעכע טעג.



אסטראָווצער פליטים אין מינכען באַ אַ הזכרה נאָך די אָסטראָווצער קדושים

מיט צוויי וואכן שפעטער, אין א זונטיק אינדערפרי, האט מען אונדז געשיקט צוריק אין דער שטאט אריין אין א קלענערן געטא פון עטלעכע הייזער פון דרילדזשער גאס, וואס זיינען שוין געווען גוט דורכגעזוכט און אלץ ארויסגענומען. איך טרעף אין דעם געטא מיין שוועגערן רייצע. מיר הייבן ביידע אן וויינען. זי דערציילט מיר אויך ווי אזוי מיין פרוי און קינדער זיינען ארויסגענומען געווארן פון הויז דאנערשטיק דעם 15טן אקטאבער 1942 און פרייטיק האט מען זיי אוועקגעשיקט; זי דערציילט מיר אויך, אז זי דרייט זיך שוין דא ארום

א פּאָר טעג און זוכט אַ פּלאַץ צו אַרבעטן. זי טרייסט מיך און דער־ציילט מיר, אַז זי האָט געגעבן דעם אידישן פּאָליציי־מאַן הירש בייגענ־שפּערג פינף און צוואַנציק טויזנט זלאָטעס און אויך צירונג, אַז זי זאָל קענען אַרבעטן ביי דער פּאָליציי אין קיך, וועט זי מיך אויך קענען מיט עפּעס באַזאָרגן. זי האָט מיר אויך געזאָגט, אַז מיין פרוי רבקה האָט איר דערציילט, אַז זי האָט געגעבן אַ גרויסע סומע געלט דעם פּאָליציי־מאַן הירש באַלטער, ער זאָל גיין אַרויסנעמען מיין זון יצחק פון באַהעלטע־ניש. דאָס געלט האָט ער גענומען, נאָר ער איז נישט געגאַנגען נאָך אים. (פריער איז דער זעלבער געווען אַ חבר פון מיין זון יצחק.)

נאָך דעם געשפּרעך מיט דער שוועגערן רייצע, בין איך צוריקגע־גאַנגען אין דער ציגעלניע עסן און 4 אַזייגער בין איך צוריקגעקומען אין געטאָ שלאָפן, ווייל מען האָט לעצטנס איינגעפירט, אַז אין דער ציגעלניע זאָל מען עסן און שלאָפן מוז מען אין געטאָ. מען דערציילט מיר, אַז פון טשמעליוו און אָזשאַראָוו איז היינט דורכגעגאַנגען אַ באַן, וואָס איז נישט געווען פול געפּאַקט מיט אידן, האָט מען אויך געכאַפּט דאָ אידן און אַריינגעזעצט אין די זעלבע וואַגאָנען, כדי זיי זאָלן, חלילה, נישט פאָרן ליידיק, און צווישן די אָסטראָווצער אידן וואָס מען האָט אַריינגעשטופּט אין די וואַגאָנען, האָבן די זעלבע אידישע פּאָליציי־לייט מיטגעשיקט מיין שוועגערן רייצע.

זעקס אַזייגער פאַרנאַכט האָט מען ווידער געשיקט שלאָפן פון דער אייזן־פאַבריק אין דעם געטאָ. איך בין געלאָפן אָפּזוכן מיין זון לוי און כ׳האָב אים געטראָפן שוין נישט צו דערקענען. ער האָט מיר דערציילט, אַז צוויי מי״ג נאָכדעם וואָס מען האָט זיי געפירט אין פאַבריק אַריין, דאָס איז געווען דעם 10טן אָקטאָבער 1942, האָט מען געהייסן אַלע אַרבעטער זיך צוזאַמענקלייבן, מיטנעמען אַלע זאַכן וואָס זיי האָבן און זיך שטעלן אין אַ רייע, ווייל מען וועט זיי שיקן אויף אַנדערע אַרבעטן און אויף אַ וווייטערדיקן אָרט. אַזוי האָט מען טאַקע געטאָן. דערנאָך איז אַרויס איינער פון די ס. ס. און מעלדעט, אַז אַלע ווי איינער מוזן אָי־בערגעבן אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן פון קליידונג, צירונג, דאָלאַרן און ביז די לעצטע פּאָר זלאָטעס און ביי וועמען מען וועט שפּעטער געפינען זאַכן, וואָס ער האָט נישט איבערגעגעבן, וועט ער גלייך דערשאָסן ווערן. יעדער האָט טאַקע אַרויסגעלייגט אַ טייל פון דעם וואָס ער האָט געהאַט. כדי אָנצושרעקן דעם עולם האָט דער ס.ס.־מאַן גלייך אַרויסגענומען פון דער ריי צוויי אינגלעך און זיי געשאָסן. גלייך נאָך־דעם האָט מען אָנגע־



דער חרובער בית עולם אין אסטראווצא

הויבן אַרויסליייגן אַלץ: עטלעכע מיליאָן זלאָטעס, דאָלאַרן, גאָלד און אַלע מלבושים וואָס יעדער האָט געהאַט. מען האָט אַלע איבערגעלאָזט בלויז אין די אַרבעטס־קליידער. אַזוי ווי מען האָט געדאַרפט שלאָפן אין דעם קליינעם געטאָ אויף דער בלויזער ערד, זיינען אַ סך פון די אַרבעטער אַדורך די געטאָ ברעטער, און געלאָפן אין אַ טייל פאַרלאָזטע אידישע הייזער עפּעס צו ברענגען אויף וואָס צו קענען שלאָפן, און דאָס האָט געדראָט מיט טויט. אַ סך אידן זיינען טאַקע דערשאָסן געוואָרן. איינער פון די, וואָס זיינען דערשאָסן געוואָרן דורך אַ נאַצי איז מענדל נייהויזס אַ זון. דורך דער צייט זיינען נאָך צוגעקומען אין געטאָ אַ סך מענטשן, וואָס זיינען געווען פון פריער באַהאַלטן. עס איז אויך צוגעקומען דער אָסטראָווצער רב ר׳ יחזקיאל מיט די קינדער. נפתלי שפּיגעל מיט דער פרוי און קינדער, משה אַרענשטיין און נאָך אַנדערע. אַזוי, אַז דער געטאָ אין וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען 700 מאַן, איז איצט באַשטאַנען פון 2.000.

דעם 10טן דעצעמבער 1942 איז געווען פאַרעפנטלעכט אין די צייטונגען, אַז פיר שטעט אין פּוילן וועלן ווערן אידישע שטעט, ד. ה., אַז דאָרט וועלן זיך מעגן געפינען אידן. דאָס זיינען: צוויזמער, שידלאָוועץ און נאָך צוויי אַנדערע. די מענטשן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעטס־פּלעצער זיינען טאַקע געפאָרן קיין צוויזמער (סאַנדאָמיעזש). עס זיינען געפאָרן ביי די 1.500 מענטשן, און צווישן זיי איז אויך געווען דער אָסטראָווצער רב מיט זיינע זין. ווי נאָר עס האָט זיך פאַרענדיקט דאָס פאָרן אין די דערמאָנטע שטעט, איז באַלד געקומען אַ ידיעה, אַז עטלעכע ס. ס. זיינען געקומען פון קעלץ קיין צוויזמער און זיי האָבן אַרויסגערופן דעם אָסטראָווצער רב און אים געשאָסן. מען האָט זיך אויך דערוואוסט, אַז עס ווערט געמאַכט אַ נייע ליסטע פון די אַרבעטער און עס וועט ווידער זיין אַן אויסזידלונג.

דעם 16טן יאַנואַר 1943 ווערט אַרומגעשטעלט דער קליינער געטאָ מיט ס. ס. און אויך מיט פּאָליציי. מען קומט מיט ליסטעס פון דער אייזן פאַבריק און פון יעגערן. באַלד קומט אָן אַ פּאַרטיע פון באַדזעכאָוו, וואָס מען האָט דאָרט אויסבראַקירט צווישן די אַרבעטער און מען שטעלט זיי אין אַ זייט. מען הייבט אָן לייענען די ליסטעס פון דער אייזן־פאַבריק און פון יעגער און ווער עס ווערט אויסגערופן, ווערט געשטעלט אין אַ באַזונדערע רייע. ווען מען האָט געענדיקט דאָס לייענען, האָט מען די

אויסגערופענע פון די ליסטעס געפירט גלייך אין פאבריק אריין. צווישן זיי בין איך און מיין זון אויך געווען.

די איבעריקע מענטשן וואס זיינען געבליבן האט מען געשיקט צו דער באן און אויפגעלאדן אין די וואגאנען וואס זיינען געקומען פון די „יודען־שטעט", פון סאנדאמיעזש, און צווישן די סאנדאמיעזשער איז אויך געווען מיין שוועסטער חיה־רבקה מיט איר מאן און קינדער. אין דעם קליינעם געטא ווערן ארומגעזוכט די באהאלטענע און ווער עס איז געכאפט געווארן איז באלד דערשאסן געווארן.

ביי אונדז אין פאבריק פירן די ס. ס. דורך א רעוויזיע און זיי פאראר־דענען ארויסצוגעבן אלץ וואס יעדער פארמאגט. אלע לייגן ארויס זייערע זאכן, וואס ווערן פארפאקט אין קאסטנס און גלייך אפגעשיקט. די ס. ס.־לייט באזוכן אבער באזונדער יעדן איינעם, צי ער האט עפעס נישט באַ־האלטן. און אזוי האלט מען אונדז אפ עטלעכע שעה אין דער פאבריק. דערנאך האט מען אונדז צוריקגעשיקט אין קליינעם געטא וועלכער איז באשטאנען איצט פון א דריי־פיר הייזער. מיר בלייבן ביי די 800 מאן. ווי נאר עס זיינען אדורך עטלעכע טעג, זיינען געקומען פרישע מענטשן אין דעם קליינעם געטא, דאס זיינען געווען די, וועלכע האבן זיך אויס־באהאלטן נישט אוועקגעשיקט צו ווערן. איצט זיינען מיר שוין ביי 1200 מאן. די ארבעט האלט אזוי אן ביז א דריי מאנאט. אין איינעם א טאג האט זיך געטראפן, אז אין יעגערס ציגעלנע האבן געפעלט צען מאן, וואס זיינען נישט געקומען ארבעטן. פארנאכט האט מען געהייסן אויסשטעלן אלע ארבעטער וואס זיינען געווען אין דער

דעם 1טן אפריל פון יאר 1943 רעדט מען ווידער, אז די ארבע־טער וועלן ארבעטן אין איין פאבריק און אסטראווצע וועט מען מאכן אינגאנצן „יודן־ריין". אין דער פאבריק וועט מען אויפשטעלן באראקן פאר די ארבעטער. און דערווייל זיינען א סאך מענטשן ארויס פון דעם געטא און זיי באהאלטן זיך, מען האט מורא פאר א נייער ארויסשיקונג.

דעם 10טן אפריל האט מען שוין נישט געלאזן ארויסגיין צו דער ארבעט. 10 אזייגער אינדערפרי איז אנגעקומען דער קאפיטאן פון דער פאבריק און האט געלייענט נייע ליסטעס פון די ארבעטער און מען האט אויסגעשטעלט די ארבעטער אין א רייע צו גיין אין פאבריק. אין דעם מאמענט זיינען אנגעקומען די ס. ס. פון ראדאם מיט א פרישער ליסטע און זיי האבן אנגעהויבן לייענען זייערע. צווישן די מענטשן פון זייער ליסטע איז אויך געווען מיין זון לוי. מען האט זיי ארייננגע־

פירט אין די הייזער פון די „הענים", דאָרט איז געווען דער „יורן־ראַט" און אויך די אידישע פּאָליציי. די אַרבעטער האָט מען געזאָגט, אַז מען וועט זיי שיקן קיין בליזשין, און אויף דעם פּלאַץ זיינען געבליבן ווינציק מענטשן, ווייל אַ סך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. מען האָט אונדז אַלעמען גענומען אין פאַבריק אַריין, אַפילו די קינדער אויך. אין דער פאַבריק האָבן זיי געדאַרפט האָבן ביי 800 אַרבעטער און האָבן נאָר געהאַט ביז 600 מאַן. מען האָט אונדז אַריינגעלאָזט אין צוויי באַראַקן, וואָס מען האָט אויפגעשטעלט, אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן. און אַרומגע־שטעלט מיט אוקראַינער, כדי קיינעם נישט אַרויסצולאָזן, און די אויס־באַהאַלטענע מענטשן, וואָס זיי האָבן געכאַפּט האָבן זיי צוגעפירט צום בית הקברות און געשאָסן. זיי האָבן דעמאָלט געשאָסן ביי הונדערט מאַן, צווישן די געשאָסענע איז געווען פרוי לאָלאַ ערליך מיט איר קינד. די ס. ס. האָבן זייביידע געשאָסן. נאָר צום גליק האָבן די צוויי קוילן, וואָס האָבן געטראָפן לאָלאַ ערליך, זי נאָר פאַרוואונדעט איינע אין דער האַנט און די צווייטע אין אויער. אַזוי ווי די נאַציס זיינען אַוועק האָט זיך די פרוי אויפגעשטעלט און געקומען אין פאַבריק אַריין אַ פאַרבלו־טיקטע. זי געפינט זיך היינט אין ישראל ביי איר ברודער.

מיין זון איז אין פאַבריק נישט געווען. פּלוצלינג זע איך פון דער־ווייטנס ווי דער קאָמענדאַנט פון לאַגער אפּראים שאפּל פּאַרט אין געטאָ, וואו מיר זיינען געווען פריער, צו ברענגען פאַרשידענע זאכן, בין איך צו אים צוגעלאָפן און געבעטן, אפשר איז מעגלעך, אַז איך זאָל אַתים־נעמען מיין זון לוי פון דאָרטן, ער האָט מיר צוגעזאָגט דאָס צו טון. דאָרט זיינען אויך געווען די 150 מאַן וואָס מ'האָט זיי געוואָלט אַוועקשיקן. ער האָט גערופן מיין זון לוי , און מ'האָט אים ניט דערלויבט פון דאָרט אַרויס־צונעמען. ווען לוי האָט געהערט, אַז מען זוכט אים, האָט ער זיך אַראָפּ־געלאָזט פון ערשטן שטאָק און אַרויף גלייך אויף דעם אויטאָ פון הער שאפּעל, און געקומען צוריק אין פאַבריק אַריין. אין דריי טעג אַרום האָט מןע ווידער אויסגעקליבן, וועלכע מענטשן זאָלן בלייבן אַרבעטן אין אייזן־פאַבריק און וועלכע זאָלן גיין אין ציגעלניע פון גלאַוואַצקי. דערנאָך איז געקומען אַ פאַראָרדענונג, אַז עלטערע מענטשן וואָס זיינען שוין צור־ריקגעשטאַנען ביי דער אַרבעט, זאָלן מער נישט קומען אַרבעטן. מען האָט אויסגעקליבן עטלעכע מאַן, און מיך צווישן זיי, און אונדז האָט מען שוין נישט געלאָזן גיין מער צו דער אַרבעט. דאָ ווייסט שוין יעדער, וואָס ס'הייסט נישט גיין צו דער אַרבעט. מען האָט אויפגעשטעלט נאָך

אַ פערד־באַראַק אין טשענסטאָטשיצע און מען האָט אונדז דאָרט אַוועק־געפירט.

דורך דער צייט איז אַרויס אַ פרישע פאַרדרדענונג, אַז יעדער „יודען־לאַגער", וואָס האָט ווינציקער ווי צוויי טויזנט אַרבעטער ווערט אויפ־געלייזט. האָבן די דייטשן פון אַסטראָווצער פאַבריק זיך פאַרינטערע־סירט, און באַקומען אַ דערלויבעניש, אַז זיי דאַרפן דאָ האָבן צוויי טויזנט מאַן אין דער פאַבריק. פאַרשטייט זיך, זיי האָבן אין זינען גע־האַט זייערע אינטערעסן פון מאַכן געלט פון די אידן און מען האָט גע־בראַכט קיין אַסטראָווצע נאָך אידן פון ראַדאָם און פּלאַשאָוו, ביז דער צאָל פון צוויי טויזנט מאַן. פון די וואָס מען האָט פריער געהאַט אויס־סאָרטירט פון נישט גיין צו דער אַרבעט, איז פאַרפולט געוואָרן. אויך איך ג'יי צוריק אין דער פאַבריק אריין מיט די אַלע אנדערע.

דעם 1טן אַפּריל פון יאָר 1944 איז געקומען אַ פאַראָרדענונג, אַז מען זאָל מאַכן אַ סעלעקציע. מען קלויבט אויס די שוואַכע פון דער פאַבריק און פון דער ציגעלניע, צוזאַמען זעכציק מאַן און מען שיקט זיי אַוועק קיין פירלע, נעבן ראַדאָם, און די זעלבע אויטאָס ברענגען באַלד צוריק זייערע מלבושים...

מיט צוויי וואָכן שפּעטער קומען די ס. ס. אין לאַגער אריין, און נעמען פון דאָרט אַרויס דעם קאָמענדאַנט פון לאַגער אפראים שאַפּעל מיט דעם קאָמענדאַנט פון דער אידישער פּאָליציי בער בלומענפעלד. אין דריי טעג אַרום ווערט מען געוואויר, אַז מען האָט זיי ביידע געשאָסן. עס איז געבליבן דער סוב־קאָמענדאַנט א. זייפמאַן פון לאַגער, און דער סוב־קאָמענדאַנט פון דער אידישער פּאָליציי פּוטשיץ. עס איז געוואָרן שלעכט, מען קאָזט נישט מער ברענגען קיין ברויט אין לאַגער אריין. מען מאַכט שוין אַלע מאָל פרישע רעוויזיעס ביי די אַרבעטער, צי זיי האָבן נישט עפּעס זיך צוגעקויפט נאָך אַ שטיקל ברויט צו זייער פּאָרציע וואָס דער דייטש פון דער פאַבריק האָט געגעבן. שלעכט. עס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז דעם 1טן יוני פון 1944. פּלוצלונג האָבן מיר זיך דער־וואוסט, אַז רוסלאַנד האַלט שוין ביי לעמבערג, לובלין. מיר האָבן געזוכט צו אַנטלויפן פון לאַגער. די אידישע פּאָליציי האָט אָבער נישט אַרויס־געלאָזן. פון יעגערס פאַבריק זיינען אַרויס עטלעכע מאַן, צווישן זיי די צוויי ברידער שטיין. די ס. ס. איז געוואויר געוואָרן, און מען האָט זיי גע־כאַפּט. מיט צוויי טעג שפּעטער האָט מען געהייסן אַלעמען פון לאַגער זיך אויסשטעלן אויף דעם ליידיקן פּלאַץ און דער קאַפּיטאַן פון דער פאַ־



דער **דעמאלירטע** קבר און מצבה פון אוסטראווצער **רבין** ז"ל

ריק האָט געהאַלטן אַ רעדע. ער האָט געמאָלדן, אַז מען ברענגט די צוויי ברידער שטיין דאָ אַהער. מ׳האָט זיי באַלד געשאָסן אויף דעם פּלאַץ פון לאַגער. מיט צען טעג שפּעטער האָט מען אונדז אַלעמען גענומען אין די וואַגאָנען און אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים. מיט אונדז זיינען געווען נפתלי שפּיגעל, משה אַרענשטיין, ח. ל. בוימשטיין און אַנדערע. דאָרט האָט מען שוין געזען די גאַז־אויוונס, מען האָט אונדז געפירט אָפּוואַשן זיך. מיר האָבן אפילו געמיינט, אַז מען גייט אויך אונדז גלייך פאַרגאַזעווען. צוזאַמען מיט אונדז איז אויך געווען אברהמל, מרים ביילים זון. ער האָט ביי זיך געהאַט אַ ביסל סם און זיך אַליין אָפּגעסמט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט געטויט ווערן פון די נאַציס. אונדז האָט מען אַריינגעפירט אין באָד און מען האָט אונדז געגעבן וואַסער צו וואַשן. מען האָט ביי אונדז אַלץ צוגענומען און אונדז געגעבן אַנדערע קליידער, ווי אַרעסטאַנטן. מען האָט אונדז אָפּגעשוירן. אין צוויי טעג שפּעטער האָט מען געגעבן יעדן אַ נומער און געשיקט טיפער אין דייטשלאַנד אַף אַרבעט. מען האָט אונדז אַוועקגעשיקט קיין באַנא, וואו מיר זאָלן פאַרבלייבן אַר־בעטן.

אין סעפּטעמבער קומט ווידער פאָר אַ סעלעקציע דורך אַ דאָקטאָר פון די ס. ס. און מען קלויבט אויס אַלע שוואַכע און מיינסטנס עלטערע מענטשן. מען לאָזט זיי מער נישט גיין צו דעראַרבעט. די רעשט אַר־בעטער ווערן געפירט ווייטער צו דער אַרבעט און די שוואַכע, אויסגע־קליבענע פון דעם נאַצישן דאָקטאָר, ווע־ן געפירט צוריק קיין אָשוויענ־טשים. מען ברענגט באַלד צוריק זייער קליידונג...

אַ דאַנק מיין זון לוי, וואָס איז דורכגעגאַנגען פאַרן דאָקטאָר מיט מיין קאַרטע, פאַר זיך און שפּעטער איז ער געגאַנגען פאַר מיר נאָכאַמאָל, בין איך ניצול געוואָרן, אַז איך זאָל נישט זיין פון די סעלקעציאָנירטע. אַזוי אַז איך בין ווייטער געבליבן אַרבעטן צוזאַמען מיט מיין זון.

אין אָנהויב פון 1945, ווען רוסלאַנד האָט זיך דערנענטערט צו דייטש־לאַנד, האָט מען אונדז ווייטער געשיקט צופוס גיין גלייוויץ. מיר גייען 72 קילאָמעטער אין 48 שעה דורכאַנאַנד. מענטשן זיינען גייענדיק גע־פאַלן ווי פליגן. דער שניי איז געווען טיף און מיר האָבן געמוזט אַזוי גיין. איך אַליין בין שוין אָפּגעשטאַנען, נאָר מיין זון און די ברידער בעלפערס פון אָסטראָווצע, האָבן מיך צוגעפירט ביז גלייוויץ. קומענדיק אַהין ווערט ווידער דורכגעפירט אַ סעלעקציע פון שוואַכע און געזונטע. יעדער באַזונדער האָט געמוזט אַדורכגיין אַ שמאָל טירל, איינעם האָט

מען געהייסן גיין רעכטס און אַ צווייטן — לינקס. די שוואַכע באַזונדער און די געזונטע באַזונדער, איך בין שוין אויך געווען צווישן די שוואַכע. די שוואַכע זיינען באַלד אַרומגערינגלט געוואָרן פון די ס. ס., אַז קיינער זאָל חלילה נישט אַנטלויפן. מיר זאָגן אַלע ווידוי. די געשרייען פון שמע ישראל גייען ביז אין הימל אַריין. די ס. ס. שיסן צווישן די מענטשן. עס פאַלן אַ סך טויטע. איך בין אַנידערגעפאַלן און דורך אַ נס בין איך אַוועקגעקראָכן און אַריין צווישן דער געזונטער גרופּע. איך בין צוריק געבליבן מיט מיין זון צוזאַמען. די רעשט שוואַכע האָט מען גלייך אַוועקגעפירט...

די געזונטע גרופּע איז דאָ געבליבן אויף דעם אָרט. מען האָט גענעבן עפּעס צו עסן, קוים דאָס האַרץ צו דערכאַפּן. מיר זיינען זיך מחיה. מיר הייבן זיך אָן אויסצוטון, מען ציט פון זיך אַראָפּ די געשטרייפּטע הויזן, און בלויז די האַלץ־שיך, און מען לייגט זיך אַוועק אויף די ברעטער שלאָפן.

אינמיטן דער נאַכט הערן מיר ווי מען שרייט: שנעל אַרויס! מען שלאָגט און מען שיסט. ווער אָן הויזן, ווער אָן שיך, אַלע זיינען אַרויסגעלאָפן. מיר אַלע ווערן געפירט צו דער באַן. ווידער ווערן מיר געשלאָגן. מיר זיינען גיך אַרויף אפן באַן. אין יעדן וואַגאָן זיינען געווען ביי 150 מאַן. מען האָט געקענט דערשטיקט ווערן. מיר פאָרן אַכט טעג און נעכט. בלויז אַ ברויט פון אַ קילאָ מיט 40 דעקא פּאַר איין מאַן האָבן זיין געגעבן, קיין וואַסער צו טרינקען איז נישט געווען. אפילו די מענטשלעכע באַדערפענישן האָט מען געמוזט מאַכן אין די וואַגאָנען. נאָכן דריטן טאָג פאָרן, האָט יעדער וואַגאָן שוין געהאַט עטלעכע טויטע. פאַרטאָג, האָט מען די טויטע אַרויסגעוואָרפן און אַריינגעלייגט זיי אין אַ באַזונדערן וואַגאָן. צו די פריערדיקע וואַגאָנען האָט מען צוגעטשעפּעט נאָך לעבעדיקע מענטשן, אַז מען זאָל חלילה נישט פאָרן באַקוועם, נאָר מען זאָל דערשטיקט ווערן. מיר זיינען אַזוי געפאָרן ביז מיר זיינען אָנגעקומען אויף אַן אָרט צווישן וועלדער און בערג. ווי דאָס אָרט הייסט ווייסן מיר נישט, מיר זעען נאָר פון דערווייטנס אויפגעשטעלטע באַראַקן. מען פירט אונדז דאָרט אַריין. מען טיילט אונדז צו אַ ביסל וואַסער און מיר דערהאַלטן זיך ביים לעבן.

באַלד הייסט מען אונדז זיך אויסטון נאַקעט און מען פירט אונדז כאָטש עס איז געווען אַ גרויסער פראָסט און שניי אין אַ צווייטן בלאָק אַריין זיך צו וואַשן. נאָכן וואַשן זיך האָט מען נישט געלאָזט אונדז אָפּטרי־

קענען דאָס וואסער און געפירט אַזוי אין אַ דריטן באראק, דאָרט צו נע־מען אַנדערע קליידער. מען האָט יעדן איינעם געגעבן אַ צעריסן העמד, בלוזע און הויזן אין שטרייפן און אַ פּאָר האָלץ־שיך און אונדז גלייך געיאָגט אין אַ צווייטן בלאָק שלאָפן. די ס. ס.־יונגען איז נישט געווען קאַלט, ווייל זיי זיינען געווען אָנגעטון פון קאָפּ ביז די פיס מיט די אָנגערויבטע אידישע פוטערס, האָבן זיי פארשטאַנען, אַז די אידן איז אויך נישט קאַלט, אַפילו נאַקעט אין די גרויסע פרעסט. מענטשן זיינען געפאַלן אין חלשות פון דער קעלט. אַזוי ווי מיר זיינען געקומען אין דעם בלאָק, האָט מען ווידער געשלאָגן. די שיך וואָס מען איז געגאַנגען זיי־נען געווען שמוציק פון בלאָטע און שניי. אַ איד מוז זיך האַלטן ריין, שרייט דער ס. ס.־יונג. די שיך האָט מען באַלד געמוזט רייניקן מיט די הענט, ווייל מיט וואָס איז נישט געווען. נאָך דער סצענע איז געקומען אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע מוזן גלייך שלאָפן. און אַז דער אויפזעער פון בלאָק האָט געהערט, אַז עס רעדט ווער אויס אַ וואָרט, האָט ער געשלאָגן ביז טויט. פיר פאַרטאָג הערן מיר שוין שרייען: אַרויס! אין פינף מינוט אַרום שטייען מיר אַלעאָ נגעטון, און צוגערוימט אויף אַן אַפּעל. יעדער קריגט 25 דעקא ברויט, און גלייך ווערן מיר געפירט צו דער אַרבעט אין אַ פאבריק. די פאבריק איז געווען אין אַ טונעל מיטן נאָמען: „מאַט־הויזען". מיר האָבן געאַרבעט צוועלף שעה אָן איבעררייס. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז עס האָט זיך צוגערוקט דער פראָנט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די באָמבאַרדירונגען, האָט מען אַלע געשיקט ווייטער, פאָרנדיק פינף טעג אָן עסן און אָן טרינקען, נאָר מיט גוטע קלעפּ, וואָס יעדער האָט באַקומען, ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין לאַגער פון בערגען בעלזען און דאָרט האָט מען אַלע צוגעטיילט אויף אַכט מאַן איין ברויט פון אַ קילאָ מיט 40 דעקא אַ טאָג. מיר זיינען שוין געווען אַלע מער טויטע ווי לעבעדיקע, ביז די ענגלענדער זיינען אריינגעקומען און אונדז באַפרייט. מיר זיינען דאָ געבליבן אויך אויף שלעכטע באַדינגונגען, ווייל מען האָט אונדז געגעבן ווינציק צו עסן. עס זיינען דעמאָלט אומגעקומען באַלד נאָך דער באַפרייאונג, ביי צען טויזנט מענטשן, וואָס מען האָט זיי נישט געקענט ראַטעווען. פון בערגען בעלזען האָט מען אונדז געפירט קיין צעללע. דאָרט איז געווען אַ ביסל בעסער. מען איז געקומען צו זיך נאָך די עטלעכע יאָרן שווערע ליידן און פיין.

פון דאָרטן האָב איך זיך קאָמוניקירט מיט מיין ברודער און מיט דער צייט בין איך מיט מיין זון לוי, וואָס האָט אויך חתונה געהאַט אין צעללע, געקומען צו אים קיין ארגענטינע.

# דער אידן־ראַט און די אידישע פּאָליציי

(וואָס דערציילט משה ראַפּאָפּאָרט *)

ווען די דייטשן האָבן פארנומען אָסטראָווצע, האָבן זיי גלייך גענומען כאַפּן אידן אויף פארשידענע ארבעטן, ווי רייניקן די גאסן, אויפלאָדן און אָפּלאָדן וואגאָנען ביי דער באן און אנדערע. צו די אַרבעטן פלעגן זיי כאַפּן אין דער גאַס ווער ס'איז זיי נאָר געקומען אונטער דער האַנט. דערפון האָבן אממערסטן געליטן די אידן, וואָס פלעגן ציען זייער פּרנסה פון דער גאַס, ווי טרעגער, וואסערטרעגער, באַלעגאָלעס און אנדערע מארק־מענטשן. דער רעזולטאַט פלעגט זיין, אז עס פלעגן אָפט ארייננפאלן צו דער אַרבעט די זעלבע מענטשן. אויף דעם פאקט האָבן אייניקע געוופן די אויפמערקזאמקייט פון די כאַפּער, און זיי האָבן אויך אָנגעהויבן אַרויסנעמען צו דער אַרבעט פון די הייזער.

דאַן איז אונטערגעקומען דער קהלישער קאָכלעפל און פּרעזעס פונעם „האַנטווערקער־פאַריין" הערשל בייגענשפערט (געצל מארגאָלים איידעם) און יאָסקע ראזנמאַן (הענעך ראָזנמאַנס זון) מיט דער מיטהילף פון יאָסל זשורע (וואסערטרעגער משה אויערס אַן איידעם) און פייוול אלטערמאַן (שמעון פייטשעס זון), זיי זיינען געקומען צו דער „אידייע" צו מאַכן „אָרדענונג" אין שטאָט און אָרגאַניזירן די אידישע שטאָטישע אָנגעלעגנהייטן, צו רעגולירן די אַרבעטס־כאַפּער, עס זאָל נישט טראָגן קיין צופעליקן „הפקר־כאַראקטער"...

די אויבנדערמאָנטע פּערזאָנען האָבן גענומען די עווידענץ (קאַרטאָ־

*) ביז דער „אויסזידלונג" איז משה ראַפּאַפּאָרט געווען א פּאָליציאַנט, שפּעטער עלעקטריציסט אינעם לאַגער ביי יעגער.

טעקע) פון דער אידישער גמינע (קהילה) און האָבן זיך געווענדט צו דער דייטשער קאָמענדאטור, האָבן אויפגעקלערט, אַז זיי זיינען באַרייט צו שאפן א אידישע אינסטיטוציע, וואָס זאָל באַזאָרגן אַלע געזעלשאפטלעכע הצטרחותן פון אידישן לעבן אין שטאָט: איינפירן א רעגולערן סיסטעם פון צושטעלן די נייטיקע צאָל אידישע אַרבעטס־הענט דער אָקופּאַציע־מאַכט, אונטער וועלכן ס׳זאָלן אַרונטערפאַלן אַלע אידן פון שטאָט. אַז יעדער איד מוז לייסטן א באַשטימטע צאָל אַרבעטס־טעג דורכן מאָנאט, און די אידן וואָס וועלן נישט וועלן אַרבעטן, זאָלן באַצאָלן, אַז אַנדערע אידן זאָלן טון די אַרבעטס־פליכט פאַר זיי. ז יי זיינען אַלזאָ געווען די ערשטע „כלל־פאַרזאָרגער" אונטער דער נאַצישער ממשלה.

ביי זיי האָט עס געהייסן אַ א י ד י ש ע ר ק אָ מ י ט ע ט, וועלכן די דייטשן האָבן גלייך אָנגערופן מיטן נאָמען „יודן־ראַט".

אין אייניקע טעג אַרום האָט די דייטשע מאַכט אַרויפגעלייגט אויף דער אידישער באַפעלקערונג א קאָנטריבוציע פון 500.000 זלאָטעס, וואָס דער „יודן־ראַט" האָט געמוזט איינמאָנען לויט זיין איינזען און עס צו־שטעלן דער אָקופּאַציע־מאַכט.

עס האָבן זיך גענומען אויסברייטערן די נייטיקע אַקטיוויטעטן פונעם „יודן־ראַט", און די ערשטע פיר פּערזאָן זיינען נישט געווען אימ־שטאַנד אַלץ אַליין דורכצופירן, האָבן זיי צוגענומען נאָך עטלעכע פון זייערע באַקאַנטע צו הילף און האָבן אויך פאַרגרעסערט דאָס באַאַמטן־פּערסאָנאַל. דעמאָלט האָבן זיי אויך געוואָלט אַריינציען אינעם „יודן־ראַט" א ה ר ן פ ר י ד נ ט א ל, (אַן אָסטראָווצער אידעם, שטאַמט פון ליפּסק) אָבער ער האָט צוריקגעוויזן דעם אָנבאָט, נישט וועלנדיק מיטאַרבעטן פאַר די נאַצים.

דער „יודן־ראַט" האָט זיך געגרינדעט אינעם לאָקאַל פון דער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געפונען אינעם הויז פונעם טרומ־פּעמאַכער גראָבאָלסקי. שפּעטער, ווען דער „יודן־ראַט" האָט געדאַרפט אויסברייטערן זיינע אַקטיוויטעטן, האָט ער זיך איינגעאָרדנט אין הויז פון ש מ ו א ל ה ע י נ ע. דעמאָלט האָבן זיי אויסגעטיילט די אָנ־פירערשאַפט לויט די פאַרשידענע פונקציעס: י אָ ס ק ע ר אָ ז נ מ א ן —פּרעזעס (ציוניסט), מ ש ה־י אָ ס ק ע א ל ט ע ר מ א ן — וויצע־פּרעזעס (ציוניסט, לעבט אין אָסטראָווצע), פ יי וו ל א ל ט ע ר־מ א ן און מ א י ר ד י א מ ע נ ט —„אַרבעטס־אַמט"; (זיי האָבן געדאַרפט צושטעלן אַרבעטס־שקלאַפן פאַר די דייטשן, אויף וועלכן באַדן

זיי האָבן געפירט אַ שמוציקן האַנדל, פאַרראַטנדיק די אָרימע מאַסן. פאַר געלט פלעגן זיי פאַרשרייבן, אַז די גבירים האָבן שוין זייערס אָפּגעאַרבעט און פלעגן מיט די אָרימע הונגעריקע מאַסן, פאַר גראָשנס, אויספילן די איינגעשטעלטע אַרבעטס־טעג). אַ חוץ דעם „אַרבעטס־אַמט" האָט פייוול אַלטערמאַן אויך פאַרנומען די אַמטן פון „סעקוועסטראַטאָר" (שטייער־איינמאָנער, פון וועלכע ער פלעגט באַקומען פראָצענטער) און „קאָמאָרניק" (עקזעקוטאָר אויף אַרויסצוואַרפן פון די דירות). אפרים שאפיר איז געוואָרן באַשטימט אַלס „נאַטשאַלניק" פון שטייער־אַמט.

אין דער ערשטער צייט האָט געהאַט באַקומען די קאָנצעסיע איבער דער „אַפּראָוויזאַציע" (שפּייז־פאַרזאָרגונג) פאַר דער אידישער באַפעלקערונג אברהם־איטשע קערבעל, וואָס האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט אַ „קאָאָפּעראַטיוו" (אַ קאָאָפּעראַטיווע פון אַ יי; מיטגליד...). מיט דער דאָזיקער אַפּראָוויזאַציע האָט ער זייער מיסברויכט, פאַרקויפנדיק די בעסערע פּראָדוקטן אויפן שוואַרצן מאַרק. קעגן דעם האָט אינטערווענירט דער „יודן־ראַט" און עס איז געשאַפן געוואָרן אַן „אַפּראָוויזאַציע" באַם יודן־ראַט. פירער פון דער אַפּראָוויזאַציע איז געווען פּאַנצער (ציוניסט).

דער „יודן־ראַט" האָט געשאַפן אַ שפּיטאָל (אין בית־המדרש), אונטער דער אָנפירונג פון די דאָקטוירים מאיר און אַבראַמאָוויטש.

אין דער שול פון דער „מזרחי" האָט דער „יודן־ראַט" איינגעאָרדנט אַ פאָלקס־קיך, אונטער דער אָנפירונג פון שמעון אנגעניצקי (ציוניסט). עס איז געשאַפן געוואָרן אַ אידישער „פּאָסט־אַמט", אונטער דער אָנפירערשאַפט פון סענדער לעדערמאַן (דודל גאַרבערס יינגסטער זון). אַלס באַאַמטין אויף דער דאָזיקער „פּאָסט" האָט געאַרבעט לייזער בייגלמאַנס פרוי.

מיט דער צייט האָט גענומען בושעווען די טיפוס־עפּידעמיע, פון וועלכער עס זיינען אויסגעשטאָרבן אַ צאָל מענטשן. דעמאָלט איז אויך געשטאָרבן יאָסקע ראָזנמאַן, פּרעזעס פון „יודן־ראַט" *).

---

*) דער יאַסקע ראַזנמאַן פלעגט פאַרזיכערן, אַז אַזוי לאַנג ער וועט זיין פּרעזעס, וועט ער טון דאָס מעגלעכסטע, אַז מען זאָל נישט שלאָגן קיין אידן. אין אַ סך פאַלן פלעגט ער דאָס באמת באַווייזן. אפילו די דייטשן אַליי פלעגן אים רעספּעקטירן.

א קורצע צייט נאָכדעם איז געשטאָרבן זיין ערשטער מיטהעלפער און „וואָזשנע" יאָסל זשורע (וואסער־טרעגער).

דעמאָלט איז געוואָרן פּרעזעס פונעם „יודן־ראט" י צ ח ק ר ו ־ ב י נ ש ט יי ן, געוועזענער פּרעזעס פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאַציע. ער האָט געשטאַמט פון סאָנדאָמיעזש, געהאַט אין אָסטראָווצע א דרוקעריי. צוזאמען מיט אים האָט גלייך גענומען מיטארבעטן זיין בעס־טעם חבר דוד דיאַמענט (משה שרייבערס זון). דער רובינשטיין איז פריער געווען א קבצן אין זיבן פּאָלעס, געווען אָנגעוויזן אויף הילף פון זיינע ציוניסטישע פּאַרטיי־חברים. אזוי שנעל ער איז געוואָרן פּרעזעס, האָט ער זיך אריינגעצויגן אין לעווענשטיינס א נייעם פּאַלאַץ. זיין פרוי פלעגט שוין אויף קיינעם נישט קוקן. אַלס אילוסטראַציע קען דינען אזא פאַל: זיין פרוי איז צוגעגאַנגען צו דער פיש־שטעלע פון משה־אהרן (יעקל סקיפּקעס) און זיך געהייסן שיקן אין שטוב אריין 5 קילאָ פיש. דער פישער, אָדער ער האָט פאַרגעסן, אָדער גאָר ער האָט זיך געוואָלט פאַרשפּאָרן צו דאַרפן גיין דערמאָנען, אז עס קומט אים צו באַצאָלן, האָט איר די פיש נישט געשיקט. צומאָרגנס איז רובינשטיינס פרוי געקומען מאַכן א סקאַנדאַל דעם פישער, פאַרוואָס ער האָט איר נישט געשיקט די פיש. דורך א צווישנרייד וועגן די פיש האָבן אַלע בייוועזנדע פרויען זיך פון איר אויסגעלאַכט. זי איז אַוועק אַהיים זיך קלאָגן פאַר איר מאַן, דעם פּרעזעס. פאַר פאַרדרוס האָט עס עס געמאָלדן די ס. ס., וועלכע האָבן ארעס־טירט דעם פישער משה־אהרן סקיפּקע. פּעטער און בראָנער (צוויי באַ־קאַנטע נאַציס) האָבן אים גוט צעשלאָגן און אָנגערייצט אויף אים זייערע דרעסירטע הינט, וועלכע האָבן אים גוט צעביסן, ווייל ער האָט באַליידיקט דעם „הער פּרעזעס פרוי"...

דעם „סאַניטעט־אַמט" באַם „יודן־ראט" האָבן אָנגעפירט אברהם־יעקב מינצבערג (ציוניסט) און הערש גאָלדפינגער. זיי האָבן געאַרבעט מיט א גרופּע פון 20 אָנגעשטעלטע. זייער אויפגאַבע איז געווען דיזנפעקציאָנירן די וואוינונגען, אכטונג געבן מ'זאָל אָפּהיטן די ריינקייט, בכדי אויסצו־מיידן עפּידעמיעס. צווישן דעם ראַזיקן פּערסאָנאַל האָט זיך אויך גע־פונען אברהם־יעקב מינצבערגס איידעם מ ש ה פּ ו ט ש י ץ.

עס וועט זיין אינטערעסאַנט אָנצואווייזן ווי אזוי משה פּוטשיץ האָט דערגרייכט זיין קאַריערע אלס פּאָליציי־קאָמענדאַנט. ער איז געווען דער בלוטיקסטער אידישער פּאָליציי־עלטסטער וואָס אָסטראָווצע האָט דעמאָלט פאַרמאָגט.

ווען די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע אידן — מענער און פרויען — מוזן איבערגעבן זייערע פוטערנע מאַנטלען, און ווער עס וועט די פאַראָרדענונג נישט דערפילן ביז אַ באַשטימטן טערמין, און מען וועט ביי אים געפינען אַ פוטער, וועט ער גלייך דער־שאָסן ווערן. דעמאָלט האָט משה פוטשיץ זיך געמאָלדן פ ר יי ו ו י־ל י ק אַדורכצופירן די דאָזיקע נאַצישע אַקציע. ער האָט די אַקציע אַזוי „טיכטיק" אַדורכגעפירט, אַז ווען מען האָט געפונען אַ פוטער ביים פוילישן וועכטער פון אידישן פּאָליציאַנט אברהם באומשטיין, האָט מען דעם וועכטער אַרעסטירט, אים געפרעגט פונוואַנען עס קומט צו אים אַזאַ רייך פוטער. פאַר שרעק האָט דער וועכטער מודע געווען, אַז דאָס פוטער איז נישט זיינס, נאָר באומשטיינס. אַזוי ווי ביי די באומשטיינס האָט מען נישט געקענט געפינען דערגיין וועמענס דאָס פוטער איז — האָט מען דערשאָסן אברהם באומשטיין, זיין משוגענעם ברודער מלך און זייער מוטער.

נאָך דער דאָזיקער „פוטער־אַקציע" האָט דער פרעזעס פון „יודן־ראַט", ה. יצחק רובינשטיין, אים, אַלס אויסצייכענונג, באַשטימט אַלס וויצע־קאָמענדאַנט פון דער אידישער פּאָליציי. צומאָרגנס האָט פוטשיץ שוין גערופן אויף אַ „אָטפּראַוואַ סלוזשבי פּאָזשאָנטקאָוועי", דאָס הייסט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די אידישע פּאָליציי, געבנדיק זיי נייע שטרענגע פאַראָרדענונגען. און דאָס אַלץ אין דער פוילישער שפּראַך. קיין אידיש האָט ער נישט גערן גערעדט און נישט געלאָזט צו זיך רעדן. זיין באַליבט וואָרט איז געווען: „טאַק, ביטש וויענצעי ניע מאָזשע" (אַזוי קען מער נישט זיין). ער האָט איינגעפירט אַזאַ דיסציפּלין, אַז אפילו מיט אַן אייגענעם טאַטן זאָל מען נישט האָבן קיין איינזען און קיינעם נישט טאָלערירן! און אויב עס האָט זיך געפונען אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט נישט אויסגעפאָלגט ג ע נ ו י זיינע פאַראָרדענונגען, האָט ער געזאָגט: „זדעים אָפּאַסקע אי אָדדאַטש לעגיטימאַציע!"... ד. ה. טו אויס דעם באַנד און גיב אָפּ דיין פּאָליציי־לעגיטימאַציע. זיינע געטרייסטע פּאָלי־ציאַנטן זיינען געווען: בעסקל פעלמאַן (פון קאַטאָוויץ, אַריינגענומען דורך דער פּראָטעקציע פון ליפּע גאָלדוואַסער), מרדכי גייזלער (אַ לאָדזשער), לייבוש זייפמאַן, ערנצווייג (אַ וואַרשעווער), דער „משוגענער" מיעטעק (דעם פרעזעס רובינשטיינס איידעם (אַ לאָדזשער).

משה פוטשיץ האָט באַוויזן זיין מערדעריי, וועלנדיק אומברענגען דעם ליפּסקער שוחט יאָסעלע שאָר (אָדער שאָך). אָט דער יאָסעלע האָט זיך

געראַטעוועט פונעם ליפּסקער חורבן קיין אָסטראָווצע. אין אָסטראָווצע האָט ער געהאַט גוטע באַציונגען מיטן דייטשן „יודן־איינזאַץ" (אַרבעטס־אַמט) מיטן אינספּעקטאָר קרעידעל. ביי דעם קרעידעל פלעגט יאָסעלע שאָר העלפן פיל אידן אָן שום פּערזענלעכן אינטערעס. פּוטשיץ האָט אין אים געזען אַ שטערונג אין זיינע שאַנטאַזש־מעשים.

דער פּרעזעס פון „יודן־ראַט" האָט זיך געברענגט קיין אָסטראָווצע זיינעם אַ קרוב פון סאַנדאָמיעזש מיטן נאָמען עלעק פישמאַן, אַ מענטש פון דער אונטערוועלט, אַן אַפּעריסט און שאַנטאַזשיסט. פאַר זיינע חטאים האָט די דייטשע פּאָליציי אים געזוכט און פאַרלאַנגט מען זאָל אים אַרויסגעבן. פּוטשיץ, כדי צו ראַטעווען זיין מיטאַרבעטער עלעק פישמאַן, האָט אונטערגערוקט אויף זיין אָרט אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין אָשוויענטשים דעם שוחט יאָסעלע שאָר. דעם אומגליקלעכן שאָר האָט דער ס. ס.־מאַן פּעטער צוגעבונדן די הענט צו זיין מאָטאָציקלעט, וועלכן ער האָט געלאָזט אין גאַנג, נאָכשלעפּנדיק יאָסעלען, ווען די נאָכלוי־פנדיקע הינט האָבן געביסן. מ'האָט אים אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים. און דאָך איז ער לעבן געבליבן. דער שאַנטאַזשיסט עלעק פישמאַן איז אַנטלאָפן קיין סטאַשעוו, וווּ ער האָט אַלס פּאָליציי־קאָמענדאַנט ווידער גענומען שפּילן זיין געמיינע ראָל. ער איז אָבער אַריינגעפאַלן אין אומחז ביי די נאַציס, וועלכע האָבן אים געשאָסן..

נאָך אַ פאַל: יחיאל־אַלטער ראַטשעמאָרא (עלע יאַנקל ראַטשעמאָ־ראַס איינציקער זון) איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער שניידער, האָבן די די נאַציס געלאָזט לעבן, כדי ער זאָל אַרבעטן פאַר זיי. ער האָט גע־האָפט, אַז צוליב זיין אַרבעט וועט ער אויספּועלן אַז זיין פרוי און קינד זאָלן בלייבן לעבן און אויסמיידן די „ווישעדלעניע", אָבער ווען מען האָט צוזאַמענגעטריבן די אידן אויף איין אָרט, כדי זיי אַוועקצושיקן, האָט מען געוואָלט לאָזן די פרוי נאָר זי זאָל אַוועקגעבן איר קינד. די פרוי האָט נישט געוואָלט איבערגעבן דאָס קינד און זיך געשטעלט צו־זאַמען מיט אַלע אידן וואָס זיינען באַשטימט געווען אַוועקצושיקן קיין טרעבלינקע. זי האָט זיך אָבער באַוויזן אַרויסצוגנבענען מיט איר קינד פונעם המון און זיך ערגעץ אויסבאַהאַלטן. דער זעלבער נאַצי, וואָס האָט פריער געוואָלט איר לאָזן לעבן, נאָר צונעמען דאָס קינד, האָט זי גענומען אַרומזוכן און אַזוי ווי ער האָט זי נישט געקענט געפינען, האָט ער דערקלערט, אַז ער מאַכט פאַראַנטוואָרטלעך די אידישע פּאָליציי, און אויב מען וועט זי נישט געפינען, וועלן צוואַנציק אידישע פּאָליציסטן

דערשאָסן ווערן. פּוטשיץ האָט גלייך באַפוילן אַז מען זאָל זי אויסזוכן. דריי טעג און דריי נעכט האָט מען זי געזוכט און נישט געפונען. איינ־מאָל, ווען זי איז אַרויס פון איר באַהעלטעניש (ביי מאיר פּייגעלעס) זוכן וואַסער, האָט איר באַמערקט דער פּאָליציאַנט ערנצווייג, וועלכער האָט זי געכאַפּט. זי האָט זיך געבעטן ער זאָל רחמנות האָבן אויף איר קינד און זאָל זי אָפּלאָזן, וואָס ער האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט, דערקלערנדיק אַז ער מוז זי צושטעלן דעם קאָמענדאַנט פּוטשיץ. זעענדיק אַז זי קען זיך פון אים נישט באַפרייען, איז די פרוי צוריק אַריין אין איר נאָרע און האָט דערוואָרגן איר קינד און זיך געלאָזט פירן צו פּו־טשיצן. פּוטשיץ האָט עס גלייך טעלעפאָנירט די ס. ס., וועלכע האָבן זי דערשאָסן אויפן הויף פון „יודן־ראַט״.

בעת דער „ווישעדלעניע״ האָבן אייניקע אידישע פּאָליציאַנטן, צו־זעענדיק ווי מען נעמט אַלע זייערע אייגענע אויף אָוועקצושיקן צו דער ליקווידאַציע, מער נישט געקענט אויסהאַלטן און האָבן אין לעצטן מאָ־מענט אויף פאַלגנדן אופן רעאַקציאָנירט: דער אידישער פּאָליציי־פאַר־טרעטער פון „קאָמענדאַנט״, ו ו י נ ע ר, האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס פּאָליציי־היטל און זיך געשטעלט צווישן דער ריי אָוועקגעשיקטע צו ווערן. זיין ביישפּיל האָבן גלייך נאָכגעפאָלגט ש ל מ ה ו ו אָ ר צ מ אַ ן (מאָ־טעס וואָרמאַנס איידעם) און קאָפּליאַס זון מ י נ ץ (מאיר וויינבערגס איידעם).

אייניקע טעג נאָך דער „ווישעדלעניע״ און נאָך דער זוכעניש, וואָס די ס. ס. האָבן דורכגעפירט מיט דער הילף פון דער „אידישער פּאָליציי״, אַרויסשלעפּנדיק פיל פאַמיליעס פון די באַהעלטענישן, האָבן אַנדערע זיך אָנגעהויבן אַרויסשאַרן פון זייערע באַהעלטענישן, מיינענדיק אַז זיי האָבן שוין אויסגענומיטן דאָס אָוועקשיקן. די דאָזיקע האָט דער יודן־ראַט און די אידישע פּאָליציי באַצייכנט מיטן נאָמען „אומלעגאַלע״ די דאָזיקע „אומלעגאַלע״ האָבן זיך אַריינגעקריגן אין קליינעם געטאָ, וואָס האָט אַרומגענומען אַ שטיקל דרילדזשער גאַס (פון „יודן־ראַט״ אָן ביזן בית־עולם, קינעווער גאַס) פאַר די דאָזיקע „אומלעגאַלע״, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעטס־פּלעצער, האָט פּוטשיץ געשאַפן אַ תפיסה אין דער סאָדעוואַסער־פאַבריק אויף דרידזשער נומער 9. דאָרט האָט מען זיי אַלע אַריינגעפּאַקט צוזאַמען, מענער, פרויען, יונג און אַלט. מ׳האָט זיי אַפילו נישט אַרויסגעלאָזט אויף צו טאָן זייערע נויטיקסטע פיזישע באַדער־פענישן. מען האָט נישט צוגעלאָזט זייערע נאָענטע צו ברענגען זיי עפּעס

עסן, כדי דאָס לעבן צו דערהאַלטן. די מענטשן זיינען דאָרט אויסגעגאַנ־גען אין שמוץ און נויט. עס דערציילט ישראל פּאַקמאַן א פאל, ווי אַזוי צוויי יונגע מענטשן פון 20 און 18 יאָר, אַ ברודער און אַ שוועסטער, זיינען דאָרט געשטאָרבן אונטער די דאָזיקע אומשטענדן געשטאָרבן זיינען זיי אויף פאָלגנדיקן אויפן: דער ברודער איז אויסגעגאַנגען פון נויט און דערשטיקעניש; די שוועסטער, זעענדיק ווי איר ברודער שטאַרבט, אַז זי אויף אים אַרויפגעפאַלן, שטאַרבנדיק אויפן אָרט.

איינמאָל, באַנאַכט, האָט דער זעלבער ישראל פּאַקמאַן באַמערקט, ווי אַ פרוי, אַ פולשטענדיק אויסגעצערטע, האָט אדורכגעשטעקט איר קאָפּ דורך די קראַטן, פּרואוונדיק זיך אַרויסצוקריגן פון דאָרטן. ער האָט איר צוגעהאָלפן און אַזוי אַרום זי באַפרייט פון דער געפענגעניש.

כדי די באַהאַלטענע מענטשן זאָלן זיך אַליין צושטעלן, האָט פּו־טשיץ אַרויסגעלאָזט אַ פאַלשן קלאַנג, אַז אַלע וואָס וועלן זיך אַליין צו־שטעלן וועלן קריגן אַרבעטס־פּלעצער אין אָסטראָווצע. ער האָט אָבער די אַלע וואָס האָבן זיך צוגעשטעלט, צוזאַמען מיט די „אומלעגאַלע”, איבערגעגעבן אויף אָוועקגעשיקט צו ווערן.

אַזוי זיינען דעפיניטיוו ליקווידירט געוואָרן די „אומלעגאַלע”. עס זיינען געבליבן בלויז אַזעלכע וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אויף די פאַרשידענע אַרבעטס־פּלאַצאָווקעס, ווי אין די זאַקלאַדן (אייזן־פאַבריק), ביי יעגערן (גלאָוואַצקיס ציגעלניע), די סטאַוועס און אַנדערע. ד. ה., אַז אַלע אַרבעטנדיקע פלעגן וואוינען אין „קליינעם געטאָ”. יעדן טאָג פלעגן קומען אוקראַינער ווערקשוץ, וועלכע פלעגן די אידן פירן צו דער אַרבעט און אין אָוונט צוריקברענגען אין געטאָ.

דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז מען האָט דעם „קליינעם געטאָ אויך ליקווידירט. ס'זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן באַראַקן ביי דער צוקראָווניע, וואָס זיי האָבן אָנגערופן „קאַשאַרן” און דאָרט האָט מען אַריינגעפּירט אַלע אידן פונעם קליינעם געטאָ. אַזעלכע קאַשאַרן זיינען געווען פיר און יעדער האָט געטראָגן אַן אַנדער נאָמען: „יעגער”, „וו. ה.”, „בוזינער” און „קראָקעווער”. עס איז געווען איין באַראַק ספּעציעל פאַר פרויען. אין די באַראַקן האָט פּוטשיץ איינגעפירט אַ מיליטערישע דיסציפּלין, אויפן דייטשישן שטייגער. ווען ער איז אַריינגעקומען אין אַ באַראַק אויף אינספּעקציע, האָט דער ערשטער וואָס האָט אים באַמערקט געמוזט אַ געשריי טון „אַכטונג!” און אַלע האָבן געמוזט שטיין בלייבן ביז ער האָט נישט באַפוילן אויף דייטש, אַז מען מעג זיך באַוועגן...

יעדער באַראַק האָט געהאַט זיין עלטסטן. צ. ב. ש., זיסל „פּאַפּע־נאָז" איז געווען קאָמענדאַנט פונעם באַראַק „יעגער", אין „וו. ה." איז געווען קאָמענדאַנט דוד דיאַמענטס שוואָגער ווערבער (אַ לובלינער) ער האָט נישט געהאַט די העזה צו שאַפן מיט זיינע איינוואוינער און ער פלעגט אַליין אויסקערן, בכדי פּוטשיץ זאָל נישט זיין בייז אויף זיינע שקלאַפן. מאָטעלע „פּאָיעדזשעש" (שרהלע הענעכס צווייטער איידעם, געשטאַמט פון סליפּיע) איז געווען „פּלאַץ־מייסטער" איבער אַלע באַ־ראַקן. ער איז געווען אַ מין „גאָספּאָדאַזש" (פאַרוואַלטער איבער דער ווירטשאַפט).

אין יעדן באַראַק איז געווען אַן אויוון צום הייצן, און וועלכער אַר־בעטער, מאַן אָדער פרוי וואָס פלעגט געפינען אַפן ארבעטס־פּלאַץ אַ קאַרטאָפל, אָדער אַ מייער, פלעגט ער דאָס צעשניידן און אַרויפלייגן אויפן אויוון צו בראָטן. אַז משה פּוטשיץ האָט דאָס באַמערקט פלעגט ער דאָס אַראָפּוואַרפן אויף דער ערד און צעטרעטן מיט די פיס. דאָס זעלבע, ווען ער פלעגט כאַפּן אַ פרוי וואָס האָט בגנבה אָפּגעקאָכט אַביסל עסן, ער פלעגט עס אַוועקרייסן פון איר מויל און אויסגיסן. ער האָט אויך נישט געלאָזט זיך וואַרעמען ביים אויוון און נישט דערלאָזט דעם אייגנ־אַרטיקן „האַנדל". וואָס איז באַשטאַנען אין פאָלגנדעם: די גרופּע „יעגער" האָט געהאַט די מעגלעכקייט איינצוקויפן עסנוואַרג וואָס די פּאָליאַקן פלעגן צוברענגען צו זייער ארבעטס־פּלאַץ. די פּאָליאַקן האָבן עס געטון פאַר לוינבאַרקייט, ווייל פאַר אַ ברויט, וואָס האָט זיי געקאָסט אַ זלאָטע, פלעגן זיי נעמען צען זלאָטעס. דאָס וואָס די יעגער־גרופּע פלעגט ברענגען אין די באַראַקן אריין פלעגן די אַנדערע איינוואוינער ביי זיי אָפּקויפן, כדי נישט צו זיין אָנגעוויזן בלויז אַפן לאַגער־עסן. פּוטשיץ מיט אייניקע פּאָליציאַנטן פלעגן אָפּוואַרטן יעגערס גרופּע ווען זי איז געקומען פון דער אַרבעט און ביי זיי אַלץ צונעמען, אפילו דאָס לעצטע שטיקל ברויט. פון דעם פלעגט ער אַ פּאָר שוואַרצע ברויטלעך אריינגעבן אין קיך און דאָס איבעריקע אַלץ צונעמען פאַר דער פּאָליציי.

אין די באַראַקן זיינען אַנטשטאַנען „טשייניעס". דער עולם פלעגט אויפוואַרעמען וואַסער און פאַרקויפן פאַר 5 גראָשן אַ גלאָז „טיי". מען פלעגט אויך צערייבן אַרבעס מיט ציבל, פאַרמישט מיט אַ ביסל וואַסער אַלס שמאַלץ און דאָס פאַרקויפן פאַר פינף גראָשן אַ לעפל. דאָס מאכל פלעגט מען אַרויפלייגן אויפן ברויט עס זאָל האָבן אַ בעסערן טעם. משה פּוטשיץ האָט די אַלע „רעסטאָראַנען" ליקווידירט און האָט אויף זיי

אַרויסגעגעבן „קאָנצעסיעס״... און נישט יעדער האָט געהאַט די זכיה צו באַקומען אַזאַ „קאָנצעסיע״. די ערשטע קאָנצעסיע האָט באַקומען אַ אַ שיינע לאָדזשער פרוי, ראָזנפעלד. דורך דער פּראָטעקציע פון פּאָליציאַנט מאָטל גאָלדשטיין. דערפאַר האָט ער „באַזאָרגט״, אַז איר מאַן זאָל זיין באַשעפטיקט אויף די נאַכט־שיכטן אין דער פאַבריק ביים גרויסן אויוון (לאָזנדיק זי „פריי״ פון איר מאַן)...

אונטער דער צייט האָט זיך עפּעס געשאַפן אַן אינערלעכער קאָנפליקט צווישן די אידישע אָנפירערס פונעם לאַגער און אַלס רעזולטאַט זיינען אַרעסטירט געוואָרן בער בלומענפעלד (ערשטער פּאָליציי־קאָמענדאַנט) און אפרים שאַפיר (ערשטער לאַגער־פירער) און מ׳האָט זיי דערשאָסן אָן שום סיבה. דאָס האָט געמוזט זיין אַ שטיקל „אַרבעט״ פון די זייפמאַנס. מיט איניקע וואָכן פאַר דעם פאַל איז דערשאָסן געוואָרן פינטשל האָפמאַן (זייפמאַנס שוואָגער), וועלכער איז געווען די ערשטע האַנט ביים ס. ס.־מאַן פעטער. זיין פרוי, קיילע, איז געווען פעטערס אינטימסטע באַגלייטערן, אַזוי אַז זי האָט ביי די ס. ס. אַלץ געקענט פועלן... (אויך די דאָזיקע פרוי קיילע איז געבליבן לעבן). דעמאָלט האָט משה פוטשיץ איבערגענומען דעם אַמט אַלס פּאָליציי־אויבערקאָמענדאַנט און אברהם זייפמאַן אַלס לאַגער־פירער. דאָס זיינען געווען די צוויי גרעסטע באַנדיטן פון יענער טרויעריקער צייט! זיי פלעגן אונטערשרייבן אַלע אורטיילן.

דעמאָלט האָבן זיי געשאַפן אַ „קאַרנע עקספּעדיציע״ פון די געפערלעכסטע אידישע פּאָליציאַנטן, ווי: לייבוש זייפמאַן, מרדכי גייזלער (אַ לאָדזשער), מיכל קליינער (בער בלומענפעלדס אַ שוואָגער, געפינט זיך אין לאָדזש), מאָטעלע גאָלדשטיין און כאַסקל פּעלמאַן. זייער אויפגאַבע איז געווען: אַז אויב איינער איז געווען קראַנק האָט ער געדאַרפט, לויטן רעגלאַמענט, אַ טאָג פריער זיך מעלדן צום דאָקטאָר ער זאָל אים באַפרייען פון דער אַרבעט, און אויב ער פלעגט אומגעריכט קראַנק ווערן, אָדער ער האָט צוליב זיין שטאַרקן פיבער דאָס נישט געטון און פלעגט פעלן ביי דער אַרבעט, האָט די „שטראָף־עקספּעדיציע אים אַריינגענומען איז אַ פינצטערן צימער און אים שלאָגן מכת רצח!

ווען די אידן זיינען שוין געווען אין די „קאָשאַרן״ (מ׳האָט עס גערופן „קאָשאַריט״) איז אַמאָל געקומען אַ באַפעל, אַז מען זאָל אַרויסגעבן די וואָס זיינען פויל אָדער אומפעיק צו דער אַרבעט. האָט פוטשיץ צוזאַמען מיט אברהם זייפמאַן געמאַכט אַ ליסטע פון 30 געזונטע אידן,

אויף וועלכע זיי האָבן געהאַט אַ בייז הארץ צוליב פּערזענלעכע חשבונות, און זיי אַרויסגעגעבן צום אוועקשיקן אויף אומברענגען. צווישן די דאָזיקע 30 פּערזאָנען האָבן זיך געפונען: אהרן פרידנטאַלס פרוי, נתן פּענצאַק און אַנדערע. פאַר יוצא זיין האָבן זיי צווישן די דרייסיק אַריינגעגעבן אַ שטיקל משוגענעם, זאַיענטשקאָווסקי. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מען האָט זיי אַוועקגעפירט קיין פּירלע (נעבן ראַדאָם) און דאָרט האָט מען זיי געשאָסן. די דרייסיק מאַן זיינען געפירט געוואָרן אונטער אַ וואַך פון צוויי אוקראַינער און פון פּאָליציאַנט משה זינגער.

די אידישע פּאָליציאַנטן (נישט אַלע) פלעגן אויך דורכפירן אָרגיעס פון זנות און שענדונג. לויט עס דערציילט ישראל פּאַקמאַן (רעד.), האָט משה פּוטשיץ, ווען ער האָט געהערשט איבערן קליינעם געטאָ, אַרעסטירט אַ פרומען איד וואָס האָט געהאַט אַ יונגע, שיינע טאָכטער און ער האָט דעם איד נישט געוואָלט באַפרייען, ביז... זיין טאָכטער איז געקומען אים איבערגעבן אַ גרויסע סומע געלט און זיך אַליין איבערגעגעבן צו פּוטשיצן אויף אַ נאַכט!...

אונטער זייער הערשאַפט האָבן די אידן אין לאַגער געלעבט אַ יאָר צייט ביז מען האָט דאָס לעצטע ביסל פון זיי אַוועקגעשיקט קיין אַשוויענטשים. אייניקע טעג פאַרן אַוועקשיקן זיי האָט געצויגן זייער אויפמערקזאַמקייט דאָס, וואָס דער לאַגער איז געוואָרן פון אַלע זייטן שטאַרק באַוואַכט. אייניקע האָבן געפּרואווט איבערקויפן די ווערקשוץ, בכדי צו אַנטלויפן. טייל האָט זיך עס איינגעגעבן און האָבן זיך געראַטעוועט. דאָס האָט משה פּוטשיצן נישט געפעלן און האָט פון אינוויייניק פאַרגרעסערט די וואַך מיט אידישע פּאָליציי. דאָס האָט געבראַכט צו דעם אַז די אידישע אַרבעטער אינעם לאַגער האָבן געשאַפן אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע, אַז זי זאָל היטן, אַז פּוטשיץ און די אידישע פּאָליציי זאָלן אויך נישט קענען אַנטלויפן, ווי עס זיינען מיט אייניקע טעג פריער אַנטלאָפן די זייפמאַנס. זיי האָבן אָבער געהאַט מזל, וואָס זיי זיינען נישט געפאָרן אין די וואַגאָנען צוזאַמען מיט די אַרבעטער קיין אַשוויענטשים, ווייל דער ווערקשוץ־פירער האָט פאַרזיכערט פּוטשיצן, אַז ער וועט דאָרטן ווייטער זיין לאַגער־פירער. פּוטשיץ, יאָסל (זיסל קוואַקערם)) און מאָטל „פּאָיעדזשעש" האָבן מיט זיך מיטגענומען אַ סך פּראָוויאַנט און ליקער און אין אַ באַזונדערן וואַגאָן, צוזאַמען מיט די אוקראַינער, געפּרעסן און געשיכורט ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין בירקענאַו. דאָרט האָט מען אונדז געהאַלטן אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען ביז ס'איז טאָג געוואָרן.. דאַן איז אָנגעקומען די באַקאַנטע קאָמאַנדע „קאַנאַדאַ", וועלכע האָט אונדז



ביים הזכרה־אקט אויפן בית־עולם אין טאבלאדא

אויסגעלאָזן פון די וואַגאָנען. די אָרטיקע קאָמאַנדע האָט באַפוילן מען זאָל זיך אויסשטעלן. מ'האָט אונדז איבערגעציילט און געפירט אין „באָד־אנשטאַלט".

גייענדיק אַפן וועג פרעגן אונדז די פון דער „קאַנאַדאַ"־קאָמאַנדע, צי מיר קומען פון געטאָ, אָדער פון אַן ארבעטס־לאַגער און צי מיט אונדז זיינען אויך געקומען פּאָליציי אָדער יודן־ראַטניקעס. צום באַדויערן זיינען זיי שוין געהאַט פאַרשוואונדן געוואָרן פון אונדז. ווען עס זאָל נישט זיין אַזוי, וואָלטן יענע הינט היינט זיך געפונען דאָרט, וואו אַלע אומגעבראַכטע קרבנות.

נאָכן באָד האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין „ציגיינער־לאַגער", אין וועלכן אַ נאַכט פריער זיינען פאַרברענט געוואָרן 3000 ציגיינער און מיר האָבן אָקופּירט זייער פּלאַץ.

זייענדיק צוויי טעג אין „ציגיינער־לאַגער" איז יאָסל זיסל קוואַקערס, אַדאַנק זיין העלדישקייט, געוואָרן „טשובאַווע" און זיך פאַרנומען מיט מסירת, צוזאַמען מיט שמואל גראָכער און מאיר דיאַמענט. זיי האָבן אָנגעוויזן אויף די רייכע אָסטראָווצער אידן, וועלכע דאַרפן ביי זיך האָבן געלט. די דאָזיקע פלעגט מען אַרויסנעמען און שלאָגן זיי זאָלן אוועקגעבן דאָס געלט. מ'האָט פון זייערע שיך אַראָפּגעריסן די אָפּצאַסן און אַרויסגענעמען דאָס באַהאַלטענע געלט. אַלס „אויסצייכענונג" פלעגן די מוסרים פונעם „קאַפּאָ" באַקומען אַ טאָפּלטע פּאָרציע ברויט.

שפּעטער האָט מען אויף יעדנס האַנט אויסגעברענט אַ נומער, אויסגעטיילט אין באַזונדערע גרופּן לויט די פאַכן און געשיקט אויף פאַרשידענע ערטער. די מערסטע זיינען געשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים און די בונאַ .די איבעריקע זיינען געבליבן אין בירקענאו. דאָרט האָבן מיר געטראָפן דעם געוועזענעם פּאָליציאַנט כעסקל פעלמאַן אין דער קאָמאַנדע פון די דאַך־דעקערס (בלעכערס). מיר האָבן אים פאַר אַלע פאָרגעשטעלט ווער ער איז, האָט מען אים אַזוי צעבראָכן די ביינער, אַז מער האָט ער זיך צו דער אַרבעט נישט אומגעקערט. מ'האָט אים גענומען טרייבן פון איין קאָמאַנדע צו דער צווייטער און ער איז אַזוי לאַנג פאַרפאָלגט געוואָרן, ביז מ'האָט אים דערהרגעט אין גלייוויץ.

אָבער דאָס ערגסטע איז, וואָס נאָך די אַלע באַרבאַרישע ווילדקייטן, לעבן פריי די ברידער זייפמאַן אין בראַזיל און דער מערדער משה פּוטשיץ איז נאָך דער מלחמה געווען „פּרעזידענט" פונעם פּלייטים־לאַגער אין מינכען...

# די וואָס האָבן זיך געוואַרעמט ביים פייער פון חורבן

## איבערזיכט פון דער אויספאָרשונגס-קאָמיסיע

ביי יידן, פונקט ווי ביי אנדערע אייראָפּעאישע פעלקער, זיינען געווען קאָלאַבאָראַציאָניסטן, פארקויפטע נשמות און אייגננוציקע עגאָאיסטן, וועלכע האָבן פאַראַטן זייער פאָלק, וואָס האָט זיך געראַנגלט פאַרן קיום, פאַרן נאַקעטן ביסל לעבן, ווען דער נאַציזם איז אַרויס צו פאַרכאַפּן און באהערשן די וועלט.

ביי די אייראָפּעישע אידן איז אָבער די לאַגע געווען אַ פיל גרוילנדיקע ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער. ערשטנס דערפאַר, וואָס די וועלט האָט זיי געלאָזט אויף הפקר פאַר דער נאַצישער חיה, קיינער האָט פאַר זיי זיך נישט אָנגענומען, קיינער האָט נישט געלאָזט הערן זיין שטים פון פּראָטעסט קעגן דעם אומבריינגען און אויסשעכטן אַ פאָלק, אויסער וואָס סאָוועטן-פאַרבאַנד האָט, נישט קוקנדיק אויף איר אייגענער לאַגע, אויפגעמאַכט די טויערן פאַר די געדרודפטע און געפּלאָגטע אידן. די „וועלט", אויסער דעם ראַטנפאַרבאַנד, האָט זיך געהאַט אירע א יי ג ע נ ע אויסרעכענונגען: זאָל די אַנגערייצטע חיה, דער נאַצישער יונקער, ווילדעווען וויפל ער וויל, זאָל ער אַליין און אַלעמען פאַרלענדן און פאַרניכטן, זאָל די וועלט צעשטערט און פאַרניכטעט ווערן, אַבי עס זאָל ווערן אויסגעשעפּט די ענערגיע פונעם נאַציזם צוזאַמען מיטן ראַטנפאַרבאַנד, אויף וועמען די מלחמה איז אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן.

דער נאַציזם אין זיין טאָטאַליטאַרן קריג צו עלימינירן די אייראָפּעאישע פעלקער, בכדי צו פאַרזיכערן זיין הערשאַפט, האָט אויסגעקליבן פריער דעם שוואַכסטן קרבן — דאָס פאָלק וואָס איז דער אייביקער שפּילבאָל ביי דער וועלט-רעאַקציע — ד אָ ס א י ד י ש ע פ אָ ל ק.

דאָס פאָלק איז ביי די נאַצישע מושלים געווען דאָס פעלד אויף איינצואיבן זיינע מערדער־באַנדעס אין דער פּאַרטיליקונג פון די פעלקער.

און אַז די נאַציס האָבן זיך אויסגעקליבן אַלס זייער ערשטן קרבן דאָס אידישע פאָלק, איז קיין סוד נישט געווען נאָך ווייט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, זייט דער נאַציזם האָט זיך געגרייט צו קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד.

אַזאַ לאַגע האָט געדראָפט — מער ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער — טרעפן דאָס אידישע פאָלק אַ געאייניקטס און באַוואוסזייניקס אין דער דאָזיקער אָניאָגנדיקער שוידערלעכער ווירקלעכקייט. און אויב עס איז מעגלעך געווען קאָלאַבאָראַציאָניזם ביי אַנדערע פעלקער, האָט עס ביי אידן נישט געטאָרט פּאַסירן!

צו אונדזער גרויסן אומגליק איז אָבער אַזוי נישט געווען. די פאַרטיי־סכסוכים און די טיפּיש־אידישע געוואוינהייטן פון „יעדער פאַר זיך", האָבן געהאַלטן צעשיידט די אידן אין פּוילן ביז די לעצטע צענדליקער טויזנטער, ווי אין וואַרשע, ביאַליסטאָק א. אַ. האָבן געשטעלט זייער לעצטן, פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד, צו ראַטעווען דעם קיום פונעם איי־ביק ראַנגלענדיקן אידישן פאָלק.

די דאָזיקע סעקטאַרישע צעטיילטקייט האָט אָפּגעשוואַכט די רע־סיסטענץ און געשאַפן דעם גינסטיקן באָדן פאַר פאַרשידענע „פּאַרזאָר־גער", „מאַכערס", שאַנטאַזשיסטן און יודן־ראַטניקעס. אָ ס ט ר אָ וו צ ע איז אין דער דאָזיקער לאַגע נישט געווען קיין אויסנאַם.

כדי צו האַלטן געפּלעפט די אידישע מאַסן, האָבן די נאַציס געזייט טעראָר און טויט פון דעם ערשטן טאָג אָן, ווען זיי האָבן אינוואַדירט אַ שטאָט.

אין פאַרלויף פון די ערשטע צוויי־דריי טעג ווי די נאַציס האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָבן זיי גלייך באַוויזן צו שאַפן אַ „יודן־ראַט". אויף וועמען זיי האָבן אַרויפגעוואָרפן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון כלומרשטן אַדמיניסטרירן מיטן אידישן לעבן אין דער שטאָט. דער יודן־ראַט האָט געמוזט ווערן דער אַפּאַראַט פון אויסצאַפּן דאָס ביסל האָב און גוטס פון דער פאַרמעגלעכער אידישער באַפעלקערונג, (ווער האָט נאָך אַזוי געוואוסט, ווי די היימישע אידעלעך, ביי וועמען ס'איז דאָ צו נע־מען, וועמען מען קען מער אָדער בעסער שאַנטאַזשירן...) דער יודן־ראַט האָט געדאַרפט צושטעלן שקלאַפישע אַרבעטס־הענט, שאַפן פּאָליציי, ווער

ס'זאָל אָנהאַלטן אָרדענונג צווישן אידן, זאָל איינמאָנען די „שטייערן", קאָנטריבוציעס א. אַ. וו.

די דאָזיקע אידן, נאַצישע אונטערגעאָרדנטע, האָבן בישלֿיימעס דער־פילט זייער „פֿליכט", בכדי צו באַקומען חסד און אָנזען ביי די נאַצישע מושלים און גלייכצייטיק אַליין אָפּגעלעקט אַ ביינדל פון די אָפּגעשראָקע־נע, גערודפטע זיך ראַנגלענדיקע אידישע מאַסן.

ווען דער „יודן־ראַט" האָט גענומען שאַפן די „אידישע פּאָליציי", האָבן זיי צום ערשטן פאַרזאָרגט מיט „שטעלעס" זייערע נאָענטע, און פאַר גרויסע געלטער פאַרקויפט פּאָליציי־פּאָסטנס צו די שענסטע זיידענע און באַלעבאַטישע יונגעלייט פון שטאָט.

צ. ב. ש. אברהם־יעקב מינצבערג, ציוניסט, קהלישער קאָכלעפל פון פאַר דער מלחמה, האָט מיט עמיצנס מיטהילף איינגעאָרדנט זיין איידעם, ציוניסט משה פוטשיץ אַלס צווייטער קאָמענדאַנט פון דער אידישער פּאָליציי. און דער דאָזיקער טרויעריק־באַרימטער פוטשיץ האָט אויף הונ־דערט פּראָצענט דערפילט דעם נאַצישן מערדערלעכן פליכט לגבי זיינע אידן־ברידער פון שטאָט.

די חסידישע זיידענע יונגעלייט א ב ר ה ם און ל יי ב י ש ז יי פ מ א ן, אַלס פּאָליציי־עלטסטע און שקלאַפן־טרייבער, האָבן אי־בערגעטריבן און איבערגעשטיגן די נאַצים אין זייער גרויזאַמקייט.

דער ציוניסט און קענער פון עטלעכע שפּראַכן מ אָ ט ע ל ע ג אָ ל ד ש ט יי ן האָט געשלאָגן אידן, פרויען און קינדער מיט דער גרעסטער סאַדיסטישער ווילדקייט. דער פּאָליציסט מ י כ ל ק ל יי־נ ע ר (געפינט זיך איצט אין לאָדזש), האָט אָן רחמנות געשלאָגן און שיקאַנירט אידן. ל יי ב ו ש און ש מ ו א ל ש ט יי נ ב ו י ם, און ש מ ו ל ע ק וו יי נ וו א ו ר צ ל, האָבן גערודפט, געמסרט און אַרויסגעשלעפּט אידן פון די באַהעלטענישן און איבערגעגעבן זיי צו די נאַצישע הענקער.

ע ז ר י א ל ב ל ומ ע נ ש ט אָ ק (די פּראַווראַזשניקעס, שמואל באַריקס זון), וועלכער האָט, אַלס „פּאָראַרבעטער" אויף דער אַרבעטס־פּלאַצוואָוקע ביי יעגערן (גלאָוואַצקים צעגעלניע), אָנגעוויזן אויפן אַנט־לויפן פון די ברידער מ ש ה און ק אָ פּ ל ש ט יי ן, און אויף וועמענס אָנווייזונג דער פּאָליציאַנט „פיינער קולטורעלער" איד י אַ־ק ו ב ב ע ר ר (פון קאָנין — געפינט זיך אין טשיקאַגע, פּ. ש.) האָט גלייך געמאָלדן אין דער סעקרעטאַריע וועגן זייער פּלייטע. און דער סוף

איז געווען, אַז מ׳האָט די ברידער שטיין געכאַפּט, זיי צוריקגעבראַכט אין לאַגער אַריין און אויף דער עצה פון די ברידער זייפּמאַן האָט מען זיי געשאָסן אין דער אָנוועזנהייט פון אַלע אידן אין לאַגער. דערביי האָט דער טרויעריק־באַרימטער נאַצי־קאַפּיטאַן זוויעזשינאַ געהאַלטן אַ רעדע, לויבנדיק די געטריישאַפט פונעם „פיינעם אידן" עזריאל בלומענשטאָק, אַדאַנק וועמען די „יודן שטיין האָבן ניכט געקענט פליכטן"...

אַ מאָדנע קאָרומפּירטע „מאָראַל" האָט געהערשט ביי דעם דאָזיקן אי־דיש־„זיידענעם" עלעמענט פון פּוטשיצן, די זייפּמאַנס, ביזן פּאַראַרבע־טער ע. בלומענשטאָק. אליין האָבן זיי פּאַר געלט זיך איינגעהאַנדלט די אַמטן צו זיין די שאַלטער און וואַלטער איבערן ביסל אויסגעמאַטערטע און פּאַראורטיילטע צום אומקום אידן און ווען מען האָט געבעטן רחמים ביי זיי, האָבן זיי געהאַט איין ענטפער: „איך וויל נישט געבן מיין קאָפּ פּאַר אייערן!"

אַ חוץ די דאָזיקע „באַטיטלטע" פּאָליציי־באַאַמטע און יודנראַטני־קעס, האָבן זיך אויך געפונען „פרייע" שאַנטאַזשיסטן און „מאַכערס", גרויסע אויפטוערס, ווי אַ געוויסער קערבל. ס׳וועט זיין אינטערעסאַנט אָנצואווייזן אויפן אונטערשיד פון די ערשטע אַמטירטע ביז די לעצטע „פרייע": בעת די ערשטע זיינען געקומען פונעם חסידישן און באַלע־באַטישן שטאַנד, וואָס זייער כוח איז באַשטאַנען אין דער פּחדנות, וואָס זיינען געווען קנאַקערס אַדאַנק זייערע אַ פ י צ י ע ל ע אַמטן, איז דער לעצטער געווען פונעם פּראָסטן, האַלב־וואָוילינגערישן שטאַנד, וואָס האָט געדייעט די גאַנצע צייט צווישן דער אָסטראָווצער אונ־טערוועלט. דער לעצטער, קערבל, איז אַ פּיפּיקער דורכגעטריבענער אַפּעריסט, וואָס האָט מיטן טייוול אַליין אויך געקענט דורכקומען. און אַלס אַזעלכער איז ער געווען דער דערפאָלגרייכסטער אויפטוער און „מאַכער" ביי די נאַצישע מושלים. און דער דאָזיקער טיפּ, וואָס איז גע־ווען אַ לומפּ פאַר דער מלחמה, איז געוואָרן די אָנגעזעענסטע „פּערזענ־לעכקייט" בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע און דער בעסטער „מאַכער", וואָס האָט געמאַכט אַ ריזן־פאַרמעגן. ער האָט געשפּילט די ראָל אַלס „גוטער ברודער" (נאָך דער מלחמה) און געטיילט צדקה צווישן די לעבנגעבלי־בענע, נישט פאַרגעסנדיק ביי יעדן צו בעטן אַ צייגעניש פון „גוטער אויפ־פירונג". דער דאָזיקער געיעג צו באַקומען „זאַשוויאַדטשעניעס" (באַשטע־טיקונגען) פון „גוטער אויפפירונג" איז געקומען נאָכדעם, ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אין די אַמעריקאַנער לענדער זיינען אָנגעקומען בריוו

צו זיינע לאַנדסלייט, וואָס האָבן אים דענונסירט אַלס „מאַכער”, שאַנ־טאַזשיסט און לאַגער־פירער (ביי „יעלען” אין באַדזעבאָוו).

די אָנגעוויטיקטקייט פון די געמיטער ביי די לאַנדסלייט אין די אַמעריקעס, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם גרויסן פאַרלוסט פון זייערע אַלע אייגענע און, אַז עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן מיסברויכט און שאַנטאַזשירט די אידן בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע, און דאָס וואָס דער דאָזיקער טיפּ האָט נאָך פּאַראַדירט מיט „זיינע” „אויסצייכענונגען” (אונטערן פרעמדן נאָמען מאַריאַן קאַרגול) האָט נאָך מער אויפגערייצט די געמיטער, און דאָס — איידער מען האָט נאָך באַוויזן אויסצופאָרשן גענוי דעם ענין פון אַזעלכע באַשולדיקונגען — האָט געבראַכט צו אַ גרויסן סקאַנדאַל.

ווען דער דאָזיקער ענין איז געקומען פאַר דער עפנטלעכקייט (אין בראַ־זיל), האָט עס גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון דער טשעכישער אַמ־באַסאַדע, ווייל דער קערבעל איז אַלס טשעכישער בירגער מיטן נאָמען מאַריאַן קאַרגול געקומען מיט אַן אָפיציעלער טשעכישער קאָנצעסיע אַלס אימפּאָרטאַדאָרן פון מאָטאָרן און קאַמיאָנען פאַר זיד־אַמעריקע, אַדאַנק זיינע כלומרשטע אויסצייכענונגען אַלס פּאַרטיזאַן, קאַפּיטאַן פון דער טשעכישער אַרמיי און אינזשיניער, אפילו מיט דער אויסצייכענונג פון רויטן שטערן „סטאַלין יעוואַגאָרווּ”...

---

אויבן האָבן מיר געמאַכט אַ שטיקל איבערזיכט איבער די היימישע קאַלאַבאָראַציאָניסטן פון פאַרשידענע מינים. דאָס בילד וועט נישט זיין קיין פולשטענדיקס, ווען מיר וועלן זיך נישט אומקערן צו אַן אַנדער אַספּעקט פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע און אירע יוצר משרתים...

מיר האָבן אויבן געזען, ווי די נאַצישע אינוואַזיע האָט די אידן אין אָסטראָווצע, ווי אין די מערסטע שטעט, געטראָפן דעזאָריענטירט, צע־שראָקן און אָנגעוויזן אויף דער איינציקער רעטונג, אָדער הילף ביי די מאַכערס, אָדער אידישע פּאָליציי און זייערע אונטער־שמשים, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע ווי א. י. מינצבערג און אברהם פונט. זייער אינטערווענץ פלעגט צומאָל אויפן מאָמענט אָפּשרייען אַ גזרה, אַרויסראַטעווען וועלכן אידן פון געפענגעניש. דורך די דאָזיקע „מאַכערס” פלעגן אידן באַקומען „אַרבעטס־קאַרטן” פון די פאַרשידענע פּלאַצוואָוקעס. אָבער דאָס אַלץ פלעגט נאָר געטון ווערן פאַר גרויסע געל־

טער און פאַר ווערטפולע חפצים און סחורות. פון אַזאַ גליק האָבן נאָר געקענט געניסן גבירים, הגם אין פיל פאַלן האָט מען זיי בלויז שאַנטאַזשירט, אָפּגענאַרט און באַשווינדלט, צונעמענדיק דאָס געלט און נישט דערפילן די צוגעזאָגטע הילף און טיילמאָל נאָך אויסליפערן דעם קרבן.

אָבער די וועמען ס׳האָט געקלעקט מיטלען זיך אויסצוקויפן פון די פאַרשידענע אידישע און נישט אידישע שאַנטאַזשיסטן, פון זיי האָט אַ געוויסער פּראָצענט דאָך באַוויזן דורכצושטופּן די גרויליקע, קאַשמאַר־פולע צייט און דערלעבן די ענדע פון דער מלחמה.

מיר גיבן איבער איינעם אַזאַ עפּיזאָד:

אויף אַן אַנדער אָרט דערציילט יחיאל מאיר לערמאַן, אַז ער האָט געגעבן געלט קערבלען ער זאָל מאַכן „אַרבעטס־קאַרטן״ פאַר זיין פרוי און קינדער, בכדי זיי צו קענען אָפּראַטעווען פון דער „ווישעדלעניע״. אָבער ווען דער דאָזיקער לערמאַן האָט געמיינט צוריק צו קענען באַקו־מען דאָס געלט פון דעם מאַכער, האָט ער זיך באַמיט צו „פאַרשווייגן״ דעם פאַקט. דאָס הייסט, דער עיקר איז דאָס געלט.

אויף אַ צווייט אָרט האָבן מיר דאָס עדות־זאָגן פון זיין זון לוי לער־מאַן וועגן דעם דאָזיקן ענין, וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיט אַ צייט שפּע־טער, וואָס זאָגט:

„עס איז געווען שבת, ער (קערבעל) איז געקומען צו אונדז און האָט פאַרלאַנגט מיר זאָלן אוועקגעבן די באַהאַלטענע זעק וואָל צו יחיאל קעסטנבערג, וואו ער וועט זיי קומען נעמען פאַרן פרייז, צומאָרגנס וועט ער קומען אַרויסנעמען מיין מוטער מיט די אַנדערע קינדער, בכדי זיי זאָלן אויסמיידן די „ווישעדלעניע״. מיט צייטן פריער האָט ער אויך ביי מיין פאָטער גענומען געלט, אָבער איך געדענק נישט גענוי וויפל״.

— פון ווען אָן האָט ער זיך פאַרנומען מיט דער פאַרמיטלונגס־אַרבעט ביי די דייטשן?

„פון סאַמע אָנהייב אָן איז ער געווען אַ מאַכער, וועלכער האָט זיך געמישט אין אַזעלכע זאַכן, און ווען עס איז געקומען די צייט פון דער „ווישעדלעניע״, האָט ער זיך געוואָרפן אויף דער אַרבעט פון מאַכן אַר־בעטס־קאַרטן״.

— וואָס איז געווען זיין כוונה, מאַכן געלט אָדער ראַטעווען מענטשן?

„זיין ציל איז געווען הויפּטזאַכלעך געלט מאַכן״.

פאַר אַ באַווייז פון אָפּשוילעכן ענאַאיזם, פון איגנאָרירן די כלל־

אינטערעסן, פון „יעדער פאַר זיך״. קען דינען פאָלגנדער עפּיזאָד, וואָס עס גיט איבער לייזער טורעק:

עס איז געווען דער לעצטער שבת פאַר דער אויסזידלונג. די ברייטע פאָלקס־מאַסן האָבן נישט געוואוסט, אַז שוין, מאָרגן באַגין וועלן זיי אַרויסגעטריבן ווערן פון די הייזער אין מאַרק אַריין אויף אַוועקצושיקן אין זייער „לעצטן וועג״. דער עולם האָט אָבער זיך אַרומגעטראָגן מיט גרוים שרעק אין דער דערוואַרטונג, אַז דאָס קען קומען.

אין דעם דאָזיקן שבת קומט צו צו טורעקן אַהרן פרידנטאַל, באַקאַנ־טער בוכהאַלטער און געזעלשאַפטלעכער מענטש *) מיטן פאָרשלאַג, ער זאָל אַרויספירן דעם זעלבן טאָג זיין ביסל ווירטשאַפט אויף די פּיאַס־קעס.

לייזער טורעק האָט אים געפרעגט:

— מ׳זאָגט, אַז ס׳קען באַלד קומען די אויסזידלונג. צי ווייסט ער נישט עפּעס וועגן דעם?

און אַהרן האָט געענטפערט, אַז ער „ווייסט נישט״. לייזער טורעק איז אָבער געווען צופרידנגלעך, אפשער וועט ער דאָך עפּעס געוואויר ווערן.

האָט אַהרן פרידנטאַל אים געענטפערט, אַז „עס קען מעגלעך גע־שען אַרום דינסטיק־מיטוואָך״...

לייזער טורעק האָט אים די זאַכן אַרויסגעפירט אויפן אָנגעוויזענעם אָרט און... ביינאַכט איז דאָרט אַהינגעקומען אַ לאַסט־אויטאָ, וואָס אַ. אַ. קערבעל האָט אַהינגעשיקט, צו אַריבערפירן די זאַכן אויף אַ זיכער אָרט. און... אויף צו מאָרגנס פאַרטאָג איז די שטאָט געווען אַרומגערינגלט און מ׳האָט די אידן אַרויסגעטריבן אויפן זאַמל־פּלאַץ אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין טרעבלינקע.

עס קען דעריבער קיין צווייפל נישט זיין, אַז אַהרנס גורל איז שוין גוועזן אַן אויסגעקויפטער און ער האָט נישט געוואָלט אויסזאָגן דעם סוד, אַז אַן אָרעמער באַלעגאָלע און דורך אים אפשר אויך אַנדערע זאָלן פּרוּוון זיך ראַטעווען איידער די שטאָט איז אַרומגערינגלט געוואָרן פונעם שונא.

---

*) אַהרן פרידנטאַל געפינט זיך איצט אין וואַרשע, ער איז געווען ערשטער פּרעזעס פון אידישן קאָמיטעט אין אָסטראָווצע נאָך דער באַ־פרייאונג און ער האָט דערלאָזט, אַז די אָנגעזאַמלטע מאַטעריאַלן פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע זאָלן ערגעץ אַוועקקומען...

אַט דעם גורל האָבן געהאַט די טויזנטער אידישע אָרעמע מאַסן, וועל־כע זיינען געווען דער אַבסאָלוטער קרבן סיי פון די נאַצישע הענקער, סיי פאַרלאָזט און איגנאָרירט פון די אייגענע שיינע אידן...

ביז דער אויסזידלונג זיינען זיי געווען די שוואַרץ־אַרבעטער פאַר קליינגעלט, אויפן אָרט פון די באַלעבאַטישע גבירישע באַזיצער פון די אַרבעטס־קאַרטן. און ווען ס'איז געקומען צו דער „ווישעדלעניע", האָבן נאָר געציילטע פון די אָרעמע אידן געהאַט דאָס גליק אויסגעטיילט צו ווערן אַלס אַרבעטס־פערד צוליב זייער שטאַרקייט. ווייל כמעט אַלע אַרבעטס־פּלעצער אויף די „פּלאַצואַווקעס" זיינען געוואָרן אויסגעפילט מיט די נגידישע באַזיצער פון די „אַרבעטס־קאַרטן". מיר זאָגן דאָס נישט דערפאַר, ווייל מיר פאַרגינען זיי נישט די רעטונג; ווייל וויפל האָבן דען אינגאַנצן אויסגעמיטן דעם גורל פון פולשטענדיקן אומקום? אָבער דער פאַקט, אַז עס האָבן זיך הויפּטזאַכלעך געקענט ראַטעווען א טייל פון די, וועמען ס'האָט געקלעקט מיטלען זיך אויסצוקויפן פון די שאַנטאַזשיסטן, באַשטעטיקט דעם שענדלעכן האַנדל וואָס אידן האָבן געפירט מיטן לעבן פון אייגענעם פאָלק.

⁂

# נעמען וואָס דאַרפן געדענקט ווערן

ווען מיר האָבן געשריבן וועגן דעם אַלץ וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין געטאָ און וועגן די שענדלעכע האַנדלונגען פון אייניקע פאַרברעכער און אויסוואורפן, האָבן מיר פאַרזען צו דערמאָנען אַ צאָל פערזאָנען וואָס דאַרפן באַזונדער דערמאָנט ווערן, סיי צוליב זייער באַוואוסטזיין אין דער שווידערלעכער, טרויעריקער לאַגע, סיי צוליב זייערע העלדישקייטן, סיי צוליב זייער מאַרטירער־אומקום.

מיר מאַכן דאָ אַ קורצן צעטל, ווייל נישט אַלע נעמען געדענקט מען אָנצוגעבן.

דעם 28טן אויגוסט, אָדער סעפּטעמבער פון 1942, איז די געשטאַפּאָ געקומען אין „יודן־ראַט" און פאַרצייכנט אַ ליסטע נעמען פון 38 פּערזאָן. ביינאַכט זיינען זיי געגאַנגען אין די הייזער פון די דערמאָנטע פּערזאָנען, זיי אַרויסגענומען פאַר זייערע טירן און דערשאָסן. פון זיי דערמאָנען מיר די נעמען וואָס מיר געדענקען: ע ל ע ב יי נ ע ר־מ אַ ן, דר. וו אַ כ אָ ל ד ע ר (דענטיסט), ש מ ע ו ן פּ י ש־מ אַ ן (אַ בונדאָוויעץ) מיט זיין יינגערן זון. דעם זון האָבן די נאַציס דערשאָסן, ווייל ער האָט געוואָלט גיין פאַרן פאָטער, האָט דער נאַצי־עלטסטער אים געזאָגט: „קום דו אויך!", ג ר י נ צ וו יי ג (דענטיסט), מ אַ ל י נ י אַ ק י אָ ס ל, ז יי ס ל (אַדוואָקאַט), חיים ש ט אַ ם (קראָנגאָלדס איידעם,, ק אַ צ ע נ ע ל נ ב ו י ג ן (פון פּאַפּיר־געשעפט) און אַנדערע. צוזאַמען ניין און דרייסיק.

אַ שטיקל צייט פריער האָט מען אַן ענלעכע גרופּע אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים, וואו מ׳האָט זי אומגעבראַכט. צווישן זיי האָבן זיך געפונען: אַ וו ר אָ מ ט ש ע ב יי נ ע ר מ אַ ן, לינקער פועלי ציור־





דאָ זיינען באַערדיקט געוואָרן די פּאַרטיזאַנער
וועמען די נ. ס. ז. האָבן דערמאָרדעט

ניסט און געוו. ראטמאַן אין שטאָט־ראַט און אין דער אידישער קהילה. שמאי ביינערמאַנס זון  ש ו ל א  (אוראָמטשעס א פּלימעניק) און  א י צ אָ  ב יי נ ע ר מ א ן,  עבער ביינערמאַנס זון. (עבער געפינט זיך אין קאָריענטעס — אַרגענטינע).

# ה ע ל ד ן

א שטיקל צייט פאַר דער ערשטער „ווישעדלעניע" האָבן א קליינע גרופּע יונגע אידישע קאָמוניסטן, צווישן וועלכע ס'זיינען געווען די הויפּט: מ אַ ר י מ ט ש ע,  שולמאַנס טאָכטער, א מיידל פון 16־17 יאָר (זי איז געווען־ליפערן און פאַרבינדלערן מיט דער אַרישער זייט, זי איז שפּעטער געפאַלן נאָכן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ; ב. מאַרק דערמאָנט איר נאָמען, ווען ער באַשרייבט דעם געטאָ־אויפשטאַנד אין אַפּריל 1943 אין וואַרשע), צוויי ברידער  ג ו ט מ א ן,  ד ו ד  ש ו ל מ א ן און  פ ר י ד ל א נ ד,  זעענדיק אז עס וועט ענדלעך אויך אָסטראָווצע דערגרייכן די ליקווידאַציע, זיינען זיי אַרומגעגאַנגען צווישן די באַלעבאַטים און זיי אויפגעקלערט, אַז אַזוי ווי זיי האָבן סיי־ווי גאָרנישט וואָס אָנצואַווערן, זאָלן זיי זיך צוגרייטן פלעשער בענזין, און ווען עס וועט קומען די שעה ווען מען וועט טרייבן די אידן צו דער „ווישעדלעניע", זאָלן זיי צוזאַמענלייגן דאָס מעבל אין מיטן שטוב, באַגיסן עס מיט בענזין און אונטערצינדן, כדי די שטאָט, די געשעפטן מיט סחורה, וואָס די „קאָמיסאַרן" האָבן איבערגענומען ביי די אידן זאָל אַוועק מיטן רויך, און אין דער בהלה זאָל זיך ראַטעווען ווער עס וועט נאָר קענען. אָבער עס קען זיין, אַז די „באַהאַלטענע אוצרות" וואָס פיל האָבן געהאַט פאַרשטעקט און די נעגאַטיווע מיינונג וואָס די נגידים האָבן געהאַט וועגן די קאָמוניסטישע „לאָבוזעס" האָט זיי אָפּגעהאַלטן פון אַזאַ שריט. ווען זיי וואָלטן אַזוי געטון, ווען דער רעזולטאַט פון דער אידן־פאַרניכטונג פון דער שטאָט וואָלט געווען אפילו דער זעלבער ווי ער איז, — וואָלט אָבער דער  כ ב ו ד  פון די אומגעקומענע עדה אידן געווען א פּל הלדישערער!...

